מאַנועל גאַלוועס

# אין א פאָרשטאָדט

ראָמאַן



פון שפּאַניש
יוסף מענדעלסאָן



בוענאָס איירעס
1933

# מאַנועל גאַלוועס

ער איז איינער פון די אָנגעזעהענסטע אַרגענטינער שרייבער און דער באַריהמטטער און מעהר באַקאַנטסטער אין אייראָפּע: ווייל ער איז דער אָממיינסטען איבערזעצטער פון די אַרגענטינער שריפטשטעלער.

פיל פון זיינע ראָמאַנען און דערצעהלונגען זענען איבערזעצט אין דייטש, פראַנצויזיש, ענגליש, איטאַליעניש, פּאָרטוגעזיש, טשעכיש, רוסיש און שוועדיש.

זיין ראָמאַן „נאַטשאַ רעגולעס" (פאַרקויפט געוואָרען אין צוואַנציג טויזענט עקזעמפּליאַרען אין שפּאַניש), איז פון פיניע קאַצ'ן איבערזעצט געוואָרען אין אידיש און געדרוקט געווען אין יאָהר 1921 אין המשכים אין „די פּרעסע". (אין בודפאָרמע נישט דערשינען) — דער ערשטער ראָמאַן גאַלוועסעס, וואָס דערשיינט אין בוד־פאָרמע אין אידיש איז דער דאָזיגער.

וועגען גאַלוועס'ן און זיין פּלאַץ אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור און זיין פאַרנעם אַלס קינסטלער, אַלס שעפער פון דעם מאָדערנעם ראָמאַן אין אַרגענטינע, איז פאַראַן אַ גאַר גרויסע ביבליאָגראַפישע ליטעראַטור אין שפּאַניש (וואו חוץ מאָנאָגראַפיעס, זענען דערשינען אייניגע קריטיק, ביאָ־און־ביבליאָגראַפישע ביכער וועגען איהם), אין פראַנצויזיש, אין דייטש, פּאָרטוגעזיש, ענגליש און איטאַליעניש.

אַ דייטשישער קריטיקער האָט איהם באַצייכענט מיט'ן נאָמען „דער אַרגענטינער זאָלאַ"; דער אידיש־ענגלישער שריפטשטעלער אייסיק גאָלדבערג האָט פאַרעפענטליכט וועגען איהם אַ בוך אין ענגליש. דער באַריהמטער פראַנצויזישער עסעאיסט און קריטיקער, אַדאָלף קרעמיע, האָט געשריבען דעם וואַרימסטען אָפּרוף וועגען גאַלוועס אַלס קינסטלער. ראָמען ראָלאַן, דער אומשטערבליכער מחבר פון „זשאַן קריסטאָף", צעהלט זיך צווישען זיינע פריינט און ער איז געווען איינער פון די באַגייסטערטע „אונטערפיהרער" זיינע צו זיין קאַנדידאַטור — פון די דרום־אַמעריקאַנער שריפטשטעלער און וויסענשאַפטלער צוגעשטעלט — אויף דער נאָבעל־פּרעמיע, פאַריגעם יאָהר.

געאָרג בראַנדעס, סטעפאַן צווייג, הענריך מאַן און ישראל זאַנגוויל, האָבען זיך אָפּגערופען באַגייסטערט וועגען גאַלוועסעס טאַלענט, נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך באַקענט מיט זיינע ווערק אין די איבערזעצונגען.

אַ דיכטער, אַן עסעאיסט, אַ קונסט־קריטיקער, אַ דראַמאַטורג און הויפּטזעכליך, און איבער אַלעס, אַ ראָמאַניסט פון אַ זעהר סאָלידער טעכניק, געשליפענעם קלאָהרען סטיל, שאַרפקייט און נעטקייט אין דער אָפּשילדערונג פון די טיפּען און כאַראַקטע־

רען, האט גאלוועס אנגעהויבן אין זיינע ווערק, פון רעאליסטישע, אריבערגעהען דיג שפעטער צו פסיכאלאגישע ראמאנען.

לעצטענס איז צו מערקען א נייע ווענדונג אין זיין ראמאנען־שאפונג: ער האט זיך גענומען צו שאפן דעם ראמאנען־עפאס פון ארגענטינער געשיכטע, האבענדיג ביז איצט פארעפענטליכט צוויי גרויסע טרילאגיע־ראמאנען (צו דריי טייל יעדער): פון דער עפאכע פון דער מלחמה מיט פאראגוואי איינע, און פון די צייטען פון ראזאסעס טיראניע די צווייטע. אין די דאזיגע ראמאנען דערגרייכט גאלוועס צו אזא קינסטלערישער פולקאמענהייט אין דער שילדערונג פון די גרויסע פיגורען פון דרום־אמעריקאנער געשיכטע, צו וועלכער קיין ארגענטינער שריפטשטעלער האט ביז איצט נישט דערגרייכט. נישט אומזיסט האט א קריטיקער פארגליכט די דאזיגע נאוועלען מיט טאלסטאי'ס „קריג און פרידען".

מ. גאלוועס איז געבוירען געווארען אין דער ארגענטינער שטאדט פאראנא, דעם 18־טען יולי 1882, שטאמענדיג פון א נאבעלער שפאנישער פאמיליע, וועלכע האט מיט עטליכע דורות צוריק זיך באזעצט אין ארגענטינע.

עס איז כאראקטעריסטיש, וואס זיין דיסערטאציע אלס יוריסט (אגב ער האט קיינמאל נישט פראקטיצירט קיין אדוואקאטור) איז געווען, וועגען שקלאפען־האנדעל. אין דעם זעהט מען שוין דעם קינפטיגען מחבר פון די צוויי רעאליסטישע ראמאנען: „נאטשא רעגולעס" און „אין א פארשטאדט".

ביז איצט האט גאלוועס, פאר פינף און צוואנציג יאהר ליטערארישע ארבייט, פארעפענטליכט — חוץ צעהנדליגער ארטיקלען, עסעיען און קריטישע אפהאנדלונגען, נאך נישט געזאמעלטע, און חוץ איבערזעצונגען — זעכצעהן גרויסע ראמאנען פון ארגענטינער לעבען, צוויי בענדער לירישע פאעזיע, פינף בענדער עסעיען, פיר דראמאטישע ווערק און אן אנטאלאגיע פון די בעסטע ארגענטינער דערצעהלונגען.

ער איז אויך געווען דער גרינדער פון ליטערארישע זשורנאלען און זאמעלביכער, אין וועלכע פיל פון די איצטיגע באריהמטע ארגענטינער טאלענטען, זענען צום ערשטען מאל נתגלה געווארען.

דאס דאזיגע זאגט עפעס וועגן גאלוועסעס ארבייטסזאמקייט, פרוכטבארקייט און וועגן דעם פלאץ, וואס ער פארנעמט אין ארגענטינע, ניין, אין דער דרום־אמעריקאנער ליטעראטור.

י. מ.



# ערשטער קאַפּיטעל

עס איז געוועזן שבת, פינף פאַרנאַכט. די ווענט און די דעכער פון׳ם פּריגאָריפיקאָ, וואָס האָט זיך מיט זיינע ריזיגע געביידעס געצויגען נעבען דעם ריאַטשועלאָ, ווי אַן אומגעהויער־קאָמפּאַקטע און זעהר הויכע ווייסע מאַסע, האָבען אין יענעם מאַי־פאַרנאַכט באַקומען זאַנפטע אָפּגלאַנצען פון בלוילעכער פאַרביגקייט. דורך דעם קורצען און שמאָלען אריינגאַנג־געסעל, וואָס איז אויסגעפּלאַסטערט געוועזען גלאַט מיט האָלץ און איז פון ביידע זייטען פאַרשטעלט געוועזען מיט ריזיג־הויכע אויסגעקאַלכטע ווענט, האָבען געהאַלטען אין ארויסגעהן פון דער אַרבייט די אַרבייטער. אַ רגע האָבען זיי זיך פאַרהאַלטען ביים אייזערנעם טויער; און דערנאָך, שוין אין דרויסען, זענען זיי דורכגעגאַנגען אַ קליינעם שטח אונטער׳ן פרייען הימעל. דער באָדען פון אָט דעם שטח איז שוואַרץ געוועזען פון שטויב, פון שטיינקוילען. אַביסעל ווייטער האָבען אַרבייטער זיך אָנגעזאַמעלט אין דעם האַפען, וואַרטענדיג אויף דעם בריק־פּאַראָם, וועלכער דאַרף זיי אַריבערפיהרען אויף׳ן צווייטען ברעג פון׳ם ריאַטשועלאָ.

אין די הונדערטער אָנגעשטעלטע און אַרבייטער זענען ארויסגעגאַנגען פון דעם פּריגאָריפיקאָ. צווישען די פרויען איז געוועזען אַ זעהר גרויסע צאָהל יונגע און חן׳עוודיגע. זייערע קליידער, איינינגע אין לעבעדיגע שאַרפע קאָלירען, האָבען געלאָזט פאַלען ציטערדיגע, וואַרימע פלעקען,

# אין אַ פּאָרשטאָדט

וועלכע זענען געפאַלען גלייך אין מיט אויף דער סימפּאָניע פון ווייס און שוואַרץ אויף די ווענט פון שטיינקוילען. איינציגע אַרבייטער האָבען אַרויסגעוויזען אַ געוויסע מידקייט: עס קען זיין, אַז דאָס זענען געווען די אַרבייטער, וואָס פון זעקס אינדערפריה אָן, שטעהען זיי צווישען טייכען בלוט און זענען דעם גאַנצען טאָג פאַרנומען ביים אויפשניידען און אַרויסנעמען די אינגעווייד פון די געשאָכטענע בהמות און ביים צעשניידען זיי דערנאָך אין שטיקער.

אַ שאַרפער, שניידענדיגער גערוך, וואָס איז, הויפּטזעכליך, געקומען פון די בלוט־שפּורען, האָט זיך געטראָגען פון דעם מענשען־געזאַמעל און האָט זיך פאַרמישט מיט'ן שטאַרקען ריח, וואָס האָט זיך געטראָגען פון די אויסדעמפונגען פונ'ם טייך.

---

ראָסאַלינדאַ קאָראַלעס, לינדאַ האָט מען איהר גערופען, איז אַרויסגעגאַנגען פון דער פאַבריק איינע אַליין. און דאָס איז געשעהן נישט דערפאַר, וואָס זי האָט נישט געקענט די אַנדערע באַשעפטיגטע פרויען דאָרטען, נאָר איבער דעם, וואָס שוין זייט איינציגע וואָכען, און איבער טעמים, וואָס זי אַליין אַפילו האָט זיך נישט געקענט דערקלערען, — אפשר איבער'ן שרעק און גרויל פון איהר לעבען און איבער דער דערנידערונג, אין וועלכער זי האָט זיך געפונען — האָט זי געפיהלט אַן אומבאַהערשבאַרען פּחד, אַ מין מורא פאַר מענשען, פאַר זאַכען, אַ מין שרעק צו אַלעס... עס האָבען אָנגעוואָרפען אויף איהר אַ פּחד נישט נאָר יענע מענשען, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגען דער שווערער ריח פון בלוט, נייערט אויך די אייזערנע פאַבריק וואָס נעבען בריק. די שוואַרצע, די קאָלאָסאַלע פאַבריק, וואָס איז געווען העכער פון די העכסטע הייזער און וועלכע — ווען דער בריק־פּראָם פלעגט געהן פון איין ברעג צום צווייטען, איבערגעלאָדען פון מענשען און פון פוהרען, אַרויסגעבענדיג אַ שרעקליכען רעש — פלעגט זי, די פאַבריק, שווער קראַכען און סקריפּען און מאַכען אויפציטערען אַפילו די אַריינגאַנגען אין די האָפענס פונם ריאַטשועלאָ. ראָסאַלינדאַ, אַ חנ'עוודיגע און אַ נייע אינם פריגאָריפיקאָ, האָט געשפּירט אויף איהר געזיכט און קערפּער, די אויגען פון די מענער און די גייגעריגע בליקען פון די פרויען און דאָס האָט איהר נאָך מעהר באַוואויגען צו האַלטען זיך אָפּגעזונדערט און אַוועקצוגעהן אַ שרעקעוודיגע ווייט פון

# אין אַ פּאַרשטאָדט

די גרופּעס אַרבייטער און אַרבייטאָרינס.

זי איז נישט לאַנג צוריק אַלט געוואָרען צוואַנציג יאָהר און איז געווען אַ הויכע און אַ בלאָנדע, מיט אַ גרויסען און האַרמאָנישען קאָפּ. איהר הויט איז געווען ווייס, די ליפּען פלייזשיג־גראָבע און רויטע; דאָס לייב נישט קיין צוזאַמענגעדריקטס, נישט קיין איבעריג האַרטס, אָבער אויך נישט פוכקע, נישט אָנגעבלאָזען; דער בליק — אַ וואַרימער, פייכטער און לאַסטשענדיגער. זי האָט אויסערגעוועהנליך אויסגענומען ביי מענער, הויפּטזעכליך דורך איהרע היפטען, לאַנגע און פון איינגענע־מען כוואַליע־פאָרמיגען אויסזעהן. אַז לינדאַ פלעגט געהן, האָבען זיך איהרע היפטען זאַנפט און מילד באַוואויגען פון איין זייט צום צווייטען, אָבער נישט איבעריג שטאַרק און בעת איהר שפּאַצירען איבער די גאַסען, פלעגט הינטער איהר בלייבען אַ מין שפּורען־וועג פון תאוה׳דיגע געדאַנ־קען און נאָכקוקענישען.

אָנגעשפּאַרט מיט די עלענבויגען אינ׳ם אָנלעהן פון בריק־פאַראָם, האָט לינדאַ געקוקט, ווי מען שניידט דורך דעם טייך פון ברעג צו ברעג. זי האָט געקוקט אויף די גרויסע שיפען פון פאַרשידענע קאַלירען, אויף די הויכע פאַבריק־קוימענעס, וואָס האָבען זיך פון ווייטענס געדרויבערט, אויף דעם שוואַרצען אייזערנעם בריק, וועלכער — ווי אַ קליין פאַרמאַכט מעסערל, וועמעס קלינגעל רוקט זיך לאַנגזאַם אַרוים — האָט זיך לאַנג־זאַם אויפגעהויבען נאָכדעם, ווי דער באַהן איז אַדורכגעגאַנגען איבער איהם און זי האָט אויך געקוקט, ווי עס ווערען פאַרלוירען אין דער וויי־קייט פון דעם שטח, צווישען די שאָטענס פונ׳ם אָנקומענדיגען פאַר־נאַכט, די אויפגעהויבענע אייזען־געבוי פון די אַנדערע אַריבערפיהרער־בריקען. אַ צעשטרייטע, אַ פאַרטראַכטע, איז זי פאַרבליבען אַזוי אָנ־געשפּאַרט מיט די עלענבויגענס אין דעם אָנלעהן, ווען די מאַשין איז שוין אָנגעקומען צום צווייטען ברעג, און זיך אָפּגעשטעלט און די פּאַסאַ־זשירען זענען אַרויסגעגאַנגען פונ׳ם פאַראָם. אַ מענש איז צוגעקומען צו איהר, האָט איהר אַ שטורכע געטון ביים אָרעם; דאָס האָט איהר אויפ־געטרייסעלט און זי איז. ווי אויפגעשפּרונגען פון איהר פאַרטראַכטקייט.

— וואָס טוסטו, וואָס? אַרויס פון דאָרט!

לינדאַ האָט אויפגעציטערט און איז פאַרבליבען וויטער באַווע־גונגסלאָז, ווי אַ דערשראָקענע. דער מאַן האָט איהר אַ נעם געטון פאַר

דער האַנט און האָט איהר ארויסגעשלעפּט פונ׳ם אָרט, וואו זי איז גע־שטאַנען אָנגעשפּאַרט אין דעם אָנלעהן.

דער טרויער־שטילער אויסזעהן, וואָס דאָס מיידעל האָט געהאט מיט אַ ווײַלע פריהער, די צופרידענהייט פון האָבען באַקומען איהר ערשטע שכירות און פון וואָס זי האָט, פאַרהעלטניסמעסיג, געהאט, ווי פאַרגעסען אַ ווײַלע איהרע אומגליקען, זענען פּלוצים פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מורא׳דיגער דערשלאָגענקייט און גרויל, ווי נאָר זי האָט דערפיהלט אויף איהר געזיכט די אויגען פון יענעם מאַן. זי האָט אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי, דורך וואָס פאַר אַ כח דער דאָזיגער מאַן באַהערשט איהר אויף אַזאַ אַבסאָלוטען אופן. זי האָט געשפּירט צו איהם איינצייטיג. האַס, עקעל און מורא און, נישט קוקענדיג אויף דעם אַלעמען, האָט זי קיין שום אַנדער זאַך נישט געטון, ווי נאָר פאָלגען איהם, פאָלגען איהם געהאָרכ־זאַם, בלינד, פּאַסיוו, אָהן שום איבערטראַכטען, אָהן שום פעהיגקייט צו אַרויסווייזען אַ סימן אַפילו פון אייגענעם ווילען.

דער טשינאָ — אַזוי האָט מען גערופען דעם דאָזיגען פּאַרשוין — איז געווען אַ בחורעץ פון אַ יאָהר צוויי און צוואַנציג. זיין קאָליר איז געווען אַ טונקעלער, די ברעמען געדיכטע און שוואַרצע, די וויהעם אויך שוואַרצע. די וואָנסען האָט ער געהאט געגאָלטע און אַ געדיכטע און צע־שויבערטע טשופּרינע האָר האָט איהם פאַרדעקט נידעריג דעם שטערען און געפאַלען איבער די אויערען, אַרויסקריכענדיג פון אונטער דער ט ש אַ מ ב ע ר ג אָ. זיינע אויגען טיף אַריינגערוקטע אינעווייניג און שוואַרצע, דורכדרינגענדיגע און פאָרשענדיגע, האָבען צומאָלס געקוקט מיט קאָסאָקע בליקען, ווי פאַרדרעהטע בכיון. און דאַן, האָט דאָס ווייסעל פון די אויגען אין דער מיט פון דער שוואַרצקייט פון דער הויט, פון די האָר און פון די ברעמען, צוגעגעבען דעם געזיכט פון דעם פאַרברעכער, פון דעם מ אַ ל ע ו ו אָ, אַ פינסטערען, אַ גרוילהאפטען אויסזעהן. אנשטאט אַ קאָלנער, האָט דער טשינאָ גענוצט אַ זיידען טיכעל, פאַרבונדען אין אַ שלייף ארום האַלדז; שיך האָט ער געטראָגען מיט הויכע אָפּצאַסען; די הויזען זיינע, ברייטע אין דער הויך, זענען שמעלער געווען, וואָס נידע־ריגער צו די פיס און אין דער הויך פון די קנעכלעך זענען זיי אינגאַנצען געווען שמאָלע. אַז ער פלעגט געהן, פלעגט ער די אַקסלען האַלטען הויך אויפגעהויבען און דעם קערפּער איבערגעבראָכען; און גערעדט האָט ער

## אין אַ פּאָרשטאָדט

מיט אַזאַ מאָדנעם אויסשפּראַך, פון וועלכען ראָסאַלינדאַ האָט קוים פאַר־שטאַנען געצעהלטע ווערטער. אַלץ האָט אין דעם ט ש י נ אַ עדות גע־זאָגט אויף פאַרבּרעכען, אויף אַ שלעכט פאַרבּרעכעריש לעבען.

— אַנו, גיב עס מיר, אָקאָרשט, אַהער! — האָט ער פאַראָרדענט, ווענדענדיג זיך צו ראָסאַלינדאַ'ן, בעת זיי זענען ביידע געגאַנגען נעבען דעם בּרעג פונ'ם ריאַטשועלאַ.

ביים ראַנד זעלבּסט פונ'ם האַפען, זענען זיי שטעהן געבּליבּען. לינדאַ אַן אויפגעשווידערטע, אַ שטום־שווייגענדיגע, האָט אַרויסגענומען דאָס געלט, איהר שכירות, וואָס מען האָט איהר נאָר וואָס פריהער געהאַט באַ־צאָהלט אין דעם פריגאָריפיקאָ. זי האָט לכתחילה בדעה געהאַט צו בעטען דעם „טשינאַ“, אַז ער זאָל איהר איבערלאָזען איין פּעזאָ באַטש. זי האָט אָבער נישט געקענט רעדען פון דערשלאָגענקייט און שווידער. דער טשינאַ האָט אַרויסגעריסען ביי איהר פון האַנט די אַסיגנאַציעס, האָט זיי אַי־בּערגעצעהלט און האָט איהר פאַרזאָגט, אַז זי זאָל געהן אַהיים; ער וועט נישט קומען אַהיים די גאַנצע נאַכט. נאָכדעם האָט ער זיך צעשיידט מיט'ן מיידעל און האָט זיך געלאָזט געהן נעמען דעם טראַמוואַי, וואָס האָט זיך דערנעהענטערט. לינדאַ האָט אַנגעהויבּען געהן לאַנגזאַם; דער טשינאַ, אָבער, באַהערשט הפנים. פּלוצים. פונ'ם געדאַנק, אַז זיין קרבּן קען אַנטרינען ווערען, אַרויסדרעהן זיך פון זיינע נעגעל, איז מיט אַמאָל ווידער צוגעקומען צו איהר

— איך וועל דיך באַלייטען. — האָט ער אַ זאָג געטון אין איהר ריכטונג, קוקענדיג אויף איהר קרום, מיט רוגז.

ראָסאַלינדאַ, אָבער, האָט אויסגעזעהן צו זיין ווי אומפּיהלבּאַר. זי איז געגאַנגען כמעט אויטאָמאַטיש. דער טשינאַ האָט איהר אַ שטויס געטון אין דער ריכטונג צום טראַמוואַי. זיי זענען אַרויפגעגאַנגען. זי האָט זיך געזעצט אויף אַ לעדיגען זיץ און דער מאַלעוואַ איז געבּליבּען שטעהן אויף דער פּלאַטפאָרמע.

פאַר די צעהן מינוט, וואָס די רייזע האָט געדויערט, זענען פאַר די אומבּאַוועגליכע ווי פאַרשטיינערטע אויגען פון דעם אַרבּייטער־מיי־דעל, וואָס איז געזעסען נעבּען פענסטערל, פאַרבּייגעגאַנגען אין אַ מין שנעלען געמיש און געלויף, איינס נאָך דאָס צווייטע, די אומגעהויערע געבּיידעס פונ'ם געגענאיבּערדיגען בּרעג, די קאַנטורען פון וועלכע האָבּען

## אין אַ פאָרשטאָדט

אויסגעזעהן שוין ווי אָפּגעריבען, ווי שוואַך קענטיג איבער דער זיך אָנרו־קענדיגער טונקעלקייט פון׳ם אָוונט. די גרויסע שיפען, וועמעס הויכע, נאַקעטע זעגעל־העלצער האָבען געשטאַרצעט אין לופט, ווי ריזיגע וועג־צייכענס; די מאַשינעס צום אָנלאָדען שטיינקוילען, וועלכע האָבען אויפען שוין פינסטערען אָוונט־הימעל געצייכענט ריזיגע און מאָדנע שוואַרצע צייכענס, ווי אותיות פון אַן אומפאַרשטענדליכען אלף־בית; און הייפע־לאַך און גרופּעס מענשען, וואָס זענען געגאַנגען פון ביידע זייטען גאַס; אָהן ספק זענען עס געווען אַרבייטער, וואָס זענען איצט געגאַנגען אַהיים פון דער אַרבייט, פון די פאַבריקען. ביסלעכווייז, איינע נאָך די אַנדערע, זענען אָנגעצונדען געוואָרען די לאַמטערנעס אין די גאַסען און די לעמפּ־לאַך אויף די גרויסע שיפען און דאַמפּערס.

ווען דער טראַמוואַי איז צוגעקומען צום אַוועזשאַנעדאַ־בריק, זענען ראָסאַלינדאַ און דער טשינאָ אַראָפּ. זיי זענען אַריין אין דעם דאָרטיגען בריק־פּאַראָם, דער צענטער פון וועלכען איז געווען פאַרנומען מיט צוויי וואָ־גענס און די זייטיגע דורכגאַנגען אָנגעפּיקט מיט מענשען, וועלכע וואַרי־נען אויף׳ן אינזעל מאַסיעל. פון׳ם פּלאַץ, וואו ראָסאַלינדאַ איז געשטאַ־נען, האָט מען געזעהן דעם אַריינפלוס־אָרט פון׳ם ריאַטשועלאָ, ווי אַ ברייט־צעעפנעט מויל, דורך וועלכען, אַזוי האָט עס אויסגעזעהן, קומט אָן די נאַכט, די טונקעלע גרויסע פלעקען פון די בוימער, ביי ביידע עקען פון דעם דאָזיגען מויל, און דעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, וואָס האָט זיך געצויגען אומענדליך, מאַוּומדיג, פינסטער און איינפאָרמיג. דער בריק האָט זיך אָפּגעשטעלט, דאָס פּאָרל איז אַראָפּ פון איהם און מיט עטליכע טריט ווייטער זענען זיי ביידע אַריין אין דער הויפּט־גאַס פון דעם פאַרבויטען טייל פון׳ם אינזעל.

דאָרט האָבען זיי געוואוינט, אין יענעם געסעל, פאַרבויט מיט קליי־נע הילצערנע שטיבלאַך, וועלכע זענען אויפגעהויבען געווען אַלע אויף פּלעקער הויכע, אויף בעלקעס און געבוימע פון דינע ברעטער אָדער פון צינק־בלעך. געפאַרבטע לכתחילה אין שרייענדיגע קאָלירען, זענען די דאָזיגע הייזקעס געווען איצט אָפּגעקראָכען, שמוציג, פאַרקוויטיגט; שטע־הענדיג ווי אויף שטאָלצעס זענען זיי געווען אָפּגערוקט איינע פון דער צווייטער, אומגעפעהר אויף אַ שטח פון אַ האַלבען מעטער; וואו נישט וואו האָט אַ הייזקע געהאַט זיך איינגעבויגען אין דער ריכטונג צו דער

## אין אַ פֿאַרשטאָדט

צווייטער, ווי זי וואָלט זיך דורכשמועסען מיט איהר שכנה'טע. אַלע האָבען זיי אויסגעזעהן קאַריקאַטוריש. די ליניעס פֿאַרקרומטע, פֿאַרדרעה־טע, די ברעטער צעבראָכענע; איינגעהויקערטע שווינדזיכטיגע זיילען: רעשטען פֿון שרייענדיגער געמאָלעכץ און געמיינער פּאַרב; די מאָדנעקייט פֿון אָט דער דאָזיגער שלים־מזל'דיגער אַרכיטעקטור, וואָס האָט געהאַל־טען אין צעפֿאַלען זיך, האָט פֿאַרוואַנדעלט די דאָזיגע נעבעכדיגע הייז־קעס, וואוינונגען פֿון מענשען, אין טראַגישע קאַריקאַטורען.

ווי די בעטלער, אָדער „אַטאַרראַנטעס", וועלכע קליידען זיך צו פֿאַר־דעקען זייער נאַקעטקייט, אין אַלטע שמאַטעס, וואָס די וואוילהאָבענדיגע וואַרפֿען אַוועק, אַזוי זענען די דאָזיגע הייזקעס פֿון פֿאַרשטאָדט גע־בויט געוועזען מיט אַלטע אָדער אומנוצליכע מאַטעריאַלען פֿון די הייזער פֿון שטאָדט; אין איין אָרט, אַן אַלטער קאַרניז, אין אַ צווייטען פּלאַץ אַ גאַנץ קאָמפּליצירטע אַלטע אָפּגענוצטע אייזערנע גראַטע פֿון אַ הויז, האָ־בען באַציהרט די הייזקעס, אויסזעהענדיג גראָטעסק. אייניגע הייזער זענען געוועזען אַפּילו אין שטאָקען : איין צימער געבויט איבער'ן צוויי־טען; נישט אַנדערש, אַז אין געוויסע שטונדען, מאַכען די מעהר שלים־מזל'דיגסטע פֿון צווישען די דאָזיגע הייזקעס חוזק־גרימאַסעס און שפּאָ־טען גרוילהאַפֿטיג פֿון די אַנדערע. אין די גאַסען פֿון דעם דאָזיגען ני־דעריגען אינזעל, האַרט נעבען די טרעטערס, וואָס ציהען זיך פֿאַזע די הייזקעס, האָבען זיך געוואַלגערט קליינע שיפֿלאַך איבערגעקערט מיט'ן דעק אַרויף.

וואו נישט וואו, צווישען איין הילצערנער הייזקע און דער צוויי־טער, אין דער רעכטער פּראָנט־ליניע, וואַקסט הויך און איינזאַם אַ צווייג־האַפֿטע ווערבע, וואָס זעהט אויס, ווי אַ וויינענדע איבער אַזאַ חושכ'דיגער אָרימקייט. די גאַסען זענען נישט ברוקירט. פֿון דער שטענדיגער אומ־אויפֿהערענדיגער פֿייכטקייט פֿון דער ערד, זעהט אויס די אויבערפֿלאַך אין גאַס, שוואַרץ. שמוציגע באַראַקען און חורבות, ווי נאַרעס, אין וועלכע עס זעהט אויס אונמעגליך, אַז מענשען זאָלען דאָרטען וואוינען, פֿילע פֿון זיי דער שוץ־פּלאַץ פֿאַר פֿאַרברעכער, מאַלעוואַס, שטעהן צווישען די הייזקעס פֿון העכסט אָרימסטען אויסזעהן, אין וועלכע עס וואוינען אָבער אַנשטענדיגע מענשען, אַרבייטער פֿונ'ם אינזעל. אין אַלע זייטען און ריכטונגען, וואוהין מען האָט נישט געווענדעט דעם בליק, האָט מען גע־

זעהן נאר מאטשטעם און זעגלען פון שיפען — אין באקא, אין דאק סור — איבער די דעכער פון די הייזער און איבער די בוימער האבען זיך ארויסגעזעהן זייערע שפיצען. און די דריי אריבערפיהר־בריקען, ריזיגע און שווארצע, אנזיכטיגע פון יעטווידער פונקט פון דער דאזיגער פארבויאונג פון הילצערנע הייזקעס, האבען באהערשט די פאנאראמע פון דעם פארשטעדטעל, ווי אן אומגעהויערער פינסטערער קאשמאר, וואס פארפאלגט פאר׳עקשנט, אהן אויפהער.

זיי זענען געקומען אהין, וואו זיי האבען געוואוינט. עס איז געווען א מאדנע שטיבעל, וואס איז געשטאנען אויף א פירקאנטיגען לעדיגען פלאץ אהן א בוימעל, אהן א פלאנץ. דער אריינגאנג אהין האט געפיהרט דורך א נידעריגען טויער. דארטען איז אויף הויכע, טיף אריינגעגראבענע פלעקער, אין יעדען איינעם פון די פיר ווינקלען, געשטאנען א הייזקע צונויפגעשלאגען פון ברעטער; אמאל איז עס געווען בלוי געפארבט, איצט איינגאנצען אפגעקראכען; ארויפקומען צום הילצערנעם שטיבעל האט מען געקענט נאר דורך א לייטערל פון דריי שטאפלען, זעהר ווייטע איינער פון דעם צווייטען. צוויי חדרים׳לאך פון דער דאזיגער מאדנער געביידע זענען געווען צו דער גאס. ווען דער אינזעל פלעגט פארגאסען ווערען — און דאס פלעגט געשעהן זעהר אפט — פלעגט דאס וואסער פארדעקען מיט זומפיגען קוויט דעם גאנצען באדען נעבען שטיבעל. אין דעם דאזיגען שטיבעל, ווי אין כמעט דעם גאנצען פארשטעדטעל, האט געשמעקט אן אומדערטרעגליכער גערוך פון פארפוילטע פיש. דער טשינא און ראסאלינדא האבען פארנומען איינעם פון די אינעווייניגסטע צימערען.

זיי זענען אריינגעקומען אין דער דאזיגער מעהר נארע, ווי צימער, וואו עס איז געשטאנען נאר א גאנץ נידעריגע בעט, א פאר הילצערנע קאסטענס און א בענקעל; און דער מאלעווא, ווי נאר זיי זענען אהינצו אריין, האט נאכאמאל איבערגע׳חזרט, ווענדענדיג זיך צום מיידעל, אז ער וועט די גאנצע נאכט נישט קומען. אפגעזאגט, איז ער ארויס און האט הינטער זיך פארשלאסען די טיר אויפ׳ן שלאס.

---

ראסאלינדא, אז זי האט זיך אפגעגעבען רעכענונג, אז זי איז פארבליבען אליין, האט דערשפירט, ווי אינעווייניג אין איהר האט זיך עפעס אנגעהויבען אויסלייטערען, ווי הייטערער ווערען. זי איז געזעסען אין

בעט, און געהאַלטען ברייט געעפענט די אויגען; געזעהן האָט זי אָבער
גאָרנישט. און מיט אַמאָל זענען איהרע גרויסע אויגען אָנגעפולט געוואָ־
רען מיט טרעהרען; אַ שלוכץ האָט ארויפגעשטיגען אין איהר פון אינעווע־
ניג, פון טיף און געשטיגען ביז'ן האַלדז; זי האָט אַ פאַל געטון אויפ'ן גע־
~~לעגער, וועלכען~~ זי האָט ביטער געהאַסט און האָט זיך אַנגסטליך פאַ־
נאנדערגעוויינט.

עס איז אַריבער אַ שעה. צוויי שעה זענען אַוועק, פינף שעה —
און ראָסאַלינדאַ האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען. פון גאַס האָט זיך
דערטראָגען אַ גערויש פון טריט און פון אַ געשפּרעך; דאָס האָט איהר
געמאַכט אַ קלעהר טון, אַ רגע, אַז ס'מוז שוין זיין געווים נאָך האַלבע
נאַכט. דער גערויש איז געקומען פון מענשען, וואָס זענען געגאַנגען פון
אַ נאָהענטען פּלאַץ, אַ מין געמיש פון אַ שענקעל, אַ קינאָ און אַ שאַנד־
הויז, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „די רויטע לאַמטערנע“, ווייל
אויבען אין פראָנט, איבער דעם דאָזיגען מין קינאָ, איז געהאַנגען אַן
אומגעהויערער לאַמטערן פון רויטען ליכט.

דאָס דאָזיגע שאַנד־הויז און שענקעל פלעגט דורך נאַכט באַזוכט
ווערען פון מאַטראָסען, פון כל'ערליי פאַרברעכער, פאַרשווינען פון טונקעלע
באַשעפטיגונגען און פאַרדעכטיגען אויסזעהן. ראָסאַלינדאַ פלעגט קוקען
מיט שרעק אויף יענעם אָרט, וואו דאָס מאָדנע שאַנד־הויז איז געשטאַנען.

דער אפשייליכער עקעלדיגער אויסזעהן פון די טרויעריגע פרויען,
וואָס האָבען דאָרטען געפיהרט זייער טרויעריגען מסחר, די שמוציגע רייד
און נאָך שמוציגערע און מיאוסע זשעסטען און באַוועגונגען זייערע, די
הייזעריגע טעמפּע קולות פון די שיכורע, די געזאַנגען פון די מאַטראָסען
אין פרעמדע אומפאַרשטענדליכע שפראַכען און, איבערהויפט, אָט יענע
טראַגישע, אַ גרויל־אָנוואַרפענדיגע ליכט, וואָס האָט ווי פאַרבלוטיגט מיט
רויטקייט. די ערד פון דער גאַס און די ווענט פון די דערבייאיגע
הייזער, — דאָס אַלעס האָט ביי איהר, אַן אַבערגלויבערישע און אָנגע־
שראָקענע, אַרויסגערופען. אין דמיון פאָרשטעלונגען און בילדער פון פאַר־
ברעכענס. פאַר איהר איז אָבער געווען טויזענטער מאָל ליבער און לייכ־
טער צו פאַרבלייבען איינזאַם, אַליין מיט איהר שרעק און מורא, איינ־
געשלאָסען אין די פיר הילצערנע ווענט פון דעם צימערל, וואָס האָט פאַר־
נומען אַ באַזונדער ווינקעל אין יענעם הויף און איז געווען אָפּגעזונדערט

# אין אַ פֿאַרשטאָדט

פון די אַנדערע דריי, איידער צו זיין דאָ צוזאַמען מיט'ן טשינאַ.

איהר געוויין האָט, ענדליך, אויפגעהערט. דאָס איז געווען, ווען דער אַנגסטליכער באַגעהר צו באַפרייען זיך, האָט זיך איהר געדאַכט ווי אַ מעגליכע זאַך. איז זי געזעסען אויפ'ן געלעגער און געטראַכט כמעט מיט באַגייסטערונג וועגען דער פאַרווירקליכונג פון דעם, וואָס זי האָט פאַרגעדענקט און וועגען איהר נאָהענטען גליק. ניט דאַרפען אַריבערטראָגען מעהר די ברוטאַלע קלעפּ פונ'ם פאַרברעכער; נישט דאַרפען ליידען יעדער ווילע פון זיין חיה'שער שלעכטקייט; נישט דאַרפען הערען מעהר זיין אומאויפהערענדיגען פאַר'עקשנטען דרוק, אַז זי זאָל פאַרקויפען איהר קערפּער; נישט דאַרפען מעהר פאַרמישט זיין, אין זיין פאַרברעכערישען אופן פון לעבען; נישט דאַרפען דולדען מעהר זיין פיזישע און מאָראַלישע באַריהרונג. — קען דען זיין אַ גרעסערער גליק אויף דער וועלט! איצט האָט זי קלאָהר געזעהן, וואָס זי האָט צו טון; וואָס זי באַדאַרף צו טון. זי האָט שטענדיג געטראַכט, אַז אַנטלויפען פון איהם איז נישט קיין עצה, נישט קיין אויסוועג. עס וואָלט געווען אומנוצליך. דער טשינאַ וואָלט איהר אויפגעזוכט; ער וואָלט איהר צוריק געפונען און זי וואָלט דערנאָך ווידער געמוזט אונטערוואַרפען זיך זיין ווילען. נאָר איין אופן, איין וועג איז פאַראַן ווי צו ראַטעווען זיך פון איהם. און זי וועט זיך מיט דעם דאָזיגען אופן באַנוצען, מעג איהר אויסקומען צו דאַרפען זיך שטאַרקען איבער איהר געוויסען, מעג איהר אויסקומען צו דאַרפען גובר זיין איהר פּרוויאַישע שוואַכקייט!

## אין אַ פאָרשטאָדט

# צווייטער קאַפּיטעל

ראָסאַלינדאַ איז געווען די איינציגע טאָכטער פון אַ קריאָזשאַ, וואָס איז געווען לאַנגע יאָהרען אַ סאָלדאַט אין דער אַקטיווער אַרמעע און זייענדיג נאָך גאָר יונג, האָט ער אַנטיילגענומען אין די שלאַכטען פון דער מלחמה געגען פּאַראַגוואַי. אַנטענאָר קאַראַלעס האָט חתונה געהאַט אין דער עלטער פון פינף און דרייסיג יאָהר, פאַר דער טאָכטער פון אַ איטאַליענער, וואָס האָט געהאַלטען אַ שענקעל און רעסטאָראַציע אין באָקאַ. נאָך דער חתונה האָבען זיי זיך אַרויסגעצויגען אין פלאָרעסטאַ. אַנטענאָר'ס פרוי איז געווען אַ בלאָנדע, אַ גוטע באַלעבאָסטע און ווערדיג איהר אָרימקייט און באַשיידענעם אָפּשטאַם, אַ גענוג וואוילדערצויגענע. צעהן יאָהר נאָך דער חתונה איז געבוירען געוואָרען ראָסאַלינדאַ. קאַראַלעס, וועלכער האָט אין יענער צייט אָנגעהויבען אונטערצוטרינקען, האָט געדענקט, אַז דאָס קינד איז נישט זיין טאָכטער און פון דאַן אָן האָט ער אָנגעהויבען באַהאַנדלען די מוטער מיט פאַראַכטונג און, געוויסענמאָס אַפילו אכזריותדיג. אין יענער צייט זענען די עלטערן פון דער פרוי געשטאָרבען; און דאָס פאַר־פאָלק, נאָכדעם ווי זיי האָבען פאַרקויפט די קליינע רעסטאָראַציע און פאַרדונגען דאָס הויז — זיי האָבען דאָס אַלעס גע'ירשענט פון איהרע עלטערן — האָבען זיך איינגעאָרדענט און באַזעצט אין באַראַקאַס. אַנטענאָר האָט נישט געוואָלט בלייבען וואוינען אין באָקאַ, ווייל „דאָרט איז אַ פאָרשטאָדט פון „גרינגאָס".

גלייך אָבער ווי זיי האָבען זיך איינגעאָרדענט דאָרטען אין שטוב, איז ראָסאַלינדאַ'ס מוטער, וועלכע איז נאָך פריהער קראַנק געווען פון פיין, פון די ליידען און שלעכטער באַהאַנדלונג, וואָס זי האָט באַקומען ביים מאַן, — געשטאָרבען.

עס האָט נישט גענומען קיין סך צייט און אַנטעגאָר האָט באַזעצט איהר פּלאַץ מיט אַ צווייטער פרוי. געגענאיבער זייער הויז האָט געוואוינט אַ שכנה, וועלכע האָט אין דער צייט, ווען ראָסאַלינדאַ׳ס מוטער איז געווען קראַנק, פאַרשטאַנען ווי צו דערנעהענטערען זיך צום הויז און ווע־רען דאָרטען נויטיג אַזוי, אַז זי זאָל דערנאָך פעהלען. געהייסען האָט זי סאַטורנינאַ עסקאָבאַר און געווען איז זי אַ קריאַזשאַ אַ געזונטע, אַ שטאַר־קע, אַ שלויע, אַ לעבעדיגע און אַ באַפעהלענדיגע; אַ גאַנצער מאַנסביל. זי איז געווען אַ מאדים צו וואָראַזשען אויף קאָרטען, אַ גאַנצע רופאַ׳טע, און אַפּשפּרעכערקע און אַ באָבע ביי געווינערינס. אָנגעהויבען אריינצוקו־מען אהין אין שטוב האָט זי לכתחילה, ווי אַ רופאַ׳טע, ווי אַ ק ו ר אַ נ־ ד ע ר י כ ע, ביסלעכווייז אָבער, לאַנגזאַם און בהדרגה׳דיג, האָט זי אָנ־געהויבען צו אריינמישען זיך אין אַלעם, אומעטום שטעקען איהר נאָז, זאָגען אַ דעה און סוף כל סוף האָט זיך איהר איינגעגעבען אריינצונע־מען אין האַנט אַנטעגאָר׳ן; זי האָט איהם באַהערשט און דערנאָך זיך צונויפגעגאַנגען מיט איהם. זיי האָבען זיך באַלד ארויסגעצויגען פון יע־נעם קוואַרטאַל, דינגענדיג אַ צימער אין אַ „קאָנוועגטיזשאַ“ נעבען דעם האָספּיסיאָ דע לאָס מערסעדעס.

---

ראָסאַלינדאַ איז אַלט געווען צוויי יאָהר, ווען די מוטער איז גע־שטאָרבען און פון אָט דער דאָזיגער פריהעסטער קינדהייט איהרער, איז זי געוואָרען דער קרבן פון דער דאָזיגער „פריינדין“. אַנטעגאָר האָט גאָר גיך דערקענט דעם אמת׳ען כאַראַקטער פון סאַטורנינאַ; ער האָט גוט תופס געווען וואָס אַ מין פרוי דאָס איז; דאָס האָט איהם געבראַכט צו דערינע־רען זיך מיט ליבע און ווארימקייט אָן זיין פאַרשטאָרבענער געזעצליכער פרוי; ערשט איצט האָט ער אָנגעהויבען פאַרשטעהן, ווי צו אָפּשאַצען איהר און אַנערקענען פאַר זיך, אַז ער איז געווען אומגערעכטיג לגבי איהר און אפשר אויך עטוואָס שולדיג אין איהר פריהצייטיגען טויט. דערפאַר האָט ער אָנגעהויבען באַציהען זיך מיט ליבע און לאַסקע — אביסעל אַ צו שפּעט געקומענע — צו ראָסאַלינדאַ׳ן. דאָס האָט געפיהרט דערצו, אַז סאַטור־נינאַ זאָל נאָך שטאַרקער פיינט באַקומען דאָס קינד; און זי פלעגט אומ־ברחמנות׳דיג שלאָגען ראָסאַלינדאַ׳ן און לאָזען איהר אפילו הונגערען.

קאָראַלעס, דער פאָטער, איז דערוויל וואָס ווייטער אַלץ מעהר גע־

זונקען אין שיכרות און באַוואוסטלאָזיגקייט. סאַטורנינאַ אַליין האָט איהם געהאָלפען אין דעם, געשטויסען און געפיהרט טיפער אויף דעם וועג. איינמאָל האָט עם דערגרייכט שוין דערצו, אז ער האָט אָנגעהויבען רעדען ניט צו דער זאַך, אַ דעליריום אָהן היץ.

קאָראַלעס איז דערנאָך אינגאַנצען באַהערשט געוואָרען פון דער דאָזיגער ט ש י נ ג אָ נ אַ און האָט אָנגעהויבען מורא האָבען פאַר איהר. ווען סאַטורנינאַ האָט געפיהלט, אַז דער דאָזיגער מאַן איז שוין אַזוי ווייט אין איהר מאַכט, אַז ער וועט זיך נישט ארויסדרעהן פון איהר, האָט זי איהם געפיהרט חתונה צו האָבען מיט איהר. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זי איהם באַוואויגען צו פאַרקויפען דאָס הויז אין באָקאַ און מיט'ן געלט, וואָס ער האָט באַקומען פונ'ם פאַרקויף, האָט זי געטון וואָס איהר האַריץ האָט געגלוסט.

אַז ראָסאַלינדאַ איז אַלט געוואָרען פופצעהן יאָהר, האָט איהר די שטיפמאַמע איינגעשטעלט פאַר אַ דינסט אין אַ הויז אין דער געגענט פון קאָנסטיטוסיאָן. קאָראַלעס, וועלכער האָט איצט פאַרגעטערט זיין טאָכטער און געוואָלט, אַז זי זאָל שטענדיג זיין אין דער היים מיט איהם, האָט פראָטעסטירט. ער האָט אָבער גאָרנישט געקענט מאַכען געגען זיין פרוי. ראָסאַלינדאַ האָט עטליכע חדשים איבערגעטראָגען די דאָזיגע שווערע אַרבייט; סוף כל סוף אָבער האָט זי געוואָרפען יענץ הויז און איז צוריקגעקומען אַהיים, אין דער „קאָנווענטיזשאָ“. סאַטורנינאַ האָט איהר געזידעלט, געמאַכט מיט בלאָטע גלייך שרייענדיג, אַז זי איז אַ טויגעניכץ, אַ פוילע, וויל לעבען אויף איהר קאַרק; אַז זי דאַרף זעהן אַריינברענגען געלט אין שטוב אויב זי וויל דאָ זיין, ווייל קיינער איז נישט מחויב צו האָרעווען אויף אַזאַ געזונטער מויד. ראָסאַלינדאַ האָט איהר געענטפערט, אַז זי וועט זוכען אַ באַשעפטיגונג, אָבער אַז זי וועט קיינמאָל מעהר קיין דינסט נישט זיין.

אַ מיידעל, וואָס האָט געוואוינט אין דעם זעלבען הויף און וואָס האָט געאַרבייט אין אַ פריגאָריפיקאָ, איסאַורא מאָנטעראָלאָ, האָט זיך אָנגעבאָטען צו רעדען מיט אַ הויכען אָנגעשטעלטען אין דער פאַבריק, וועגען אריינגעמען אַהין ראָסאַלינדאַ'ן.

קענטיג, אַז דאָס מיידעל איז געפעלען געוואָרען דעם אָנגעשטעלטען, וואָרום ער האָט איהר תיכף געגעבען אַ באַשעפטיגונג. ראָסאַלינדאַ'ס

אין אַ פּאַרשטאָדט

אַרבייט איז נישט געווען קיין אַנגענעהמע: צעהן שעה דורכאַנאַנד צו־גרייטען די בלעכענע פּושקעס און שאַכטלאַך, אין וועלכע אַ מאַשין פלעגט דערנאָך אַריינלעגען דאָס פלייש צום קאָנסערווירען; און די שווערקייט פון דער אַרבייט איז ניט באַשטאַנען אַזוי פיל אין דעם לאַנגען אַרבייטס־טאָג און אין דער אַרבייט זעלבסט, ווי אין דער לופט, וואָס האָט גע־הערשט אין דעם אַרבייטס־זאַל: אַ שרעקליכע אומדערטרעגליכע היץ, אַ רויך, די שווערע אויסדעמפונגען, וואָס זענען געקומען פון די געקאָכטע ווע־רענדיגע פליישען; אָבער דאָס אַלעס צוזאַמען מיט די צושטעהענישען פונ'ם אָנגעשטעלטען, וועלכער פלעגט איהר באַלעסטיגען מיט זיינע פאַר־שלאָגען; און דאָס, וואָס זי האָט דעם גאַנצען טאָג קיין פרייע שטונדע נישט געהאַט; און די איינעסענישען און מיאוסע שטיקלאַך, וואָס אַנדערע אַרבייטערינס, וועלכע האָבען אויס קנאה פאַר איהר שעהנקייט און פריש־קייט איהר געהאַסט, פלעגען איהר אויף טריט און שריט אָפּטון — דאָס אַלעס איז איהר אַלץ ניחא'ער געווען, ווי צו זיין אין דעם שמוציגען פינסטערען צימער פון דער קאָנוועגטיזשאָ, אַריבערטראָגען די קלעפּ און די באַליידיגונגען פון דער שטיפמוטער און צוזעהן מיט פיין ווי איהר אָרימער פאָטער ווערט לאַנגזאַם פאַרזונקען אין משוגעת, אין אידיאָטיזם און זי איז ניט אימשטאַנד צו טון עפּעס פאַר זיינעטוועגן, צו העלפען איהם ראַטעווען זיך. זי האָט פיל מאָל געטראַכט וועגען אַוועקגעהן פון דאָר־טען, פאַרלאָזען דאָס הויז. זי האָט נישט געקענט צוזעהן, ווי איהר פאָ־טער טרינקט נאָך אַלץ; און וואָס האָט איהר נאָך מעהר געקרענקט, איז צו צוזעהן, ווי די דאָזיגע פרוי באַוועגט איהם דערצו, ווי זי טויט איהם לאַנגזאַם אַוועק, ווי זי באַהאַנדעלט איהם אומברחמנות'דיג. אָבער: ווי אַזוי קען זי, ווי אַזוי האָט זי געקענט אַוועקגעהן, איבערלאָזען אַליין דעם פאָטער, ווען זי איז די איינציגע, וואָס האָט איהם ליב געהאַט, ווען זי איז געווען די איינציגע, וואָס האָט געהאַט פאַר איהם אַ וואָרט פון ליבע, פון צערטליכקייט!

---

איינמאָל, פאַרנאַכט, איז ראָסאַלינדאַ געגאַנגען אַהיים צוריק, נאָך דער אַרבייט אַ גאַנצען טאָג אין פאַבריק; זי איז געגאַנגען צו־זאַמען מיט נאָך צוויי חבר'טעס און שוין נעבען דער שטוב, האָבען זיי, אין דרייען זיך אָפּגעשטעלט ביים ראָג פון גאַס, צו צעזעגענען זיך. זיי

# אין אַ פאַרשטאָדט

זענען געשטאַנען אַזוי אַ ווײַלע און געשמועסט, ווען ראָסאַלינדאַ האָט באַמערקט, ווי אַ בחור אַ מולער, אַרויסגעהענדיג פון דער אַרבייט ביי אַ הויז, וואָס האָט זיך געבויט, איז געבליבען, דערזעהענדיג איהר, פאַרחושט, ווי פאַרגליווערט, ווי פאַרבלענדט פון איהר געשטאַלט און פיגור.

און אין דער אמת'ען איז זי געווען זעהר שעהן! איהרע פופצעהן יאָהר האָבען פרעכטיג געבליהט אין איהר בלאָנד, שטייף לייב; אין איהרע בריסטען, וואָס האָבען מיטאַמאָל אָנגעהויבען שפּראָצען און וואַקסען מיט פריהלינג־קראַפט און וואָס האָבען אויסגעזעהן אַזוי ווי זיי וואָלטען וועלען צערייסען איהר ליפטשיק; אין איהר קאָפּ, וואָס האָט געהאַט יונגע אָנגעחנ'עוודיגע באַוועגונגען; אין איהרע היפטען, וואָס האָבען שוין אָנגעהויבען צו ווערען כוואַליעפאָרמיג און רייצענדיג; אין איהרע אויגען פון טונקעלע אַפּלען, דורך וועלכע עס האָט אַרויסגעקוקט אַ שטאַרקער אַנגסט פון ליבע און אין איהר מויל, אַן אויסדריקליכעס, אַ רויטס, אַ בריהענדיגס מיט פליישיגע ליפען, באַראַנדט און פאַרזעהן מיט קליינע און צונויפגעדריקטע צייהנדלאַך. געטראָגען האָט זי אַ דעקאָלטירט רויט קליידעל, אַזאַ קורצס, אַז איהרע קניה האָבען זיך אַרויסגעזעהן. אַרום האַלדז האָט זי אַרומגעבונדען אַ רויטע סטענגע און אויף דער ברוסט אָנגעשפּיליעט אַ גרויסע בלוט־רויטע נעגעל־בלום. די היץ פון דעם אויווען אין משך פון דעם גאַנצען טאָג און די געדיכטע אַטמאָספערע פונ'ם זאַל, וואו זי האָט געאַרבייט, האָבען אַרויסגערופען ביי איהר אַ מין פאַררויטעלטקייט, אַ מין פאַרסאָפּעטקייט; אַזוי האָט זי אויסגעזעהן נאָך שעהנער, מיט אַ פאַרפאַליעט פנים, אַ ברענענדיג געזיכט, אויגען ווי פייער און די הויט ראַזעווע. און אין איהר רויט קליידעל, און מיט דער רויטקייט פון דער סטענגע און פון דער בלום, האָט מען געקענט מיינען, אַז זי איז די נשמה, דער אויסדרוק פון דעם פריגאָריפיקאָ, די נשמה פון יענעם אָרט, וואו טאָג־טעגליך ווער געשאָכטען אַזאַ צאָל שטיקלאַך, ווי אין די שלאַכט־הייזער פון אַ גרויסער שטאָדט; וואו דאָס רויטע אינגעווייד פון די בהמות, דורכגעזאַפּטע און וואַרימע נאָך פון בלוט, ליגען הויפענווייז אָנגעוואָרפען אויף יעדען טריט און וואו דאָס בלוט פון צוויי טויזענט געשאָכטענע און אויפגעהאַנגענע שטיק פיה, וואָס גיסט, רינט אַראָפּ פון זיי און ווערט פאַרגליווערט אין געדיכטע דיקע טעפּיכער, וואָס זענען רויט ווי פייער און גלאַנצען ווי עסמאַלט, טאַפּיצירט דעם פאָל פון די גרויסע קאַמערן, פאַרבט

# אין א פארשטאדט

רויט און ווילד טויזענטער האלב־נאקעטע מענשען און פארוואנדעלט די וועגען און די רינוועס פון דער פאבריק אין טיפע און טראגישע טייכען.

ראסאלינדא האט קוים באמערקט איהר פארעהרער, א געשטופעלטער בחור פון אן עטוואס אומגעשיקטען, האמעטנעם אויסזעהן, א בלאנדער ווי זי, און אנגעטון גאנץ אנשטענדיג. אבער פון יענעם פארנאכט אן, פלעגט דער מולער יעדען טאג אין דער זעלבער שטונדע אפווארטען איהר צו זעהן דורכגעהן זי אויפן זעלבען פלאץ. איינמאל האט זי איהם צוגעווארפען א שמייכעל, א צווייטען מאל — אפילו געענטפערט אויף א באגריסונג דורך א נייג טון דעם קאפ. עס האט נישט לאנג געדויערט און זיי האבען אנגעהויבען זיך דורכשמועסען אויך. ראסאלינדא האט געזעהן, אז דאניעל פארטי איז א גוטער, אן ארבייטסזאמער בחור, א סימפאטישער, אן עהרליכער, און אז ער איז אין איהר פארליבט. עטליכע זונטאגען זענען זיי צוזאמען ארויסגעגאנגען שפאצירען. אמאל פלעגען זיי ביידע געהן פארווייל אין איינעם פון די ר ע ק ר ע א ס אויפ'ן אינזעל מאסיעל, וואו זיי פלעגען פארווייל דעם גאנצען פארנאכט. ביי ראסאלינדא'ן איז געווען דער גרעסטער פארגעניגען אין דער וועלט, ממש דער פיינסטער און איידעלסטער טרוים איהרער, צו שפאצירען מיט איהר חתן אין א מאטאר־שיפעל איבער די טייכלאך, זעצען זיך דערנאך צוזאמען מיט איהם ביי א טישעל אין א פארוויילונגס־פלאץ אויף אן אינזעל, טרינקען א קאלטען אפפרישענדיגען געטראנק און דערנאך פארבלייבען זיצען נעבען איהם אונטער א בוים, א לאנגע, לאנגע צייט, שווייגען, קוקען אייגער אויף דעם צווייטען מיט ליבעפולע בליקען, האלטענדיג דערביי פאראייניגט, ביידע, די הענט. איינמאל, אין דער פריה, האבען זיי דארטען געגעסען אנבייסען. דאניעל האט געלאזט דארטען שפילען אן אויטאמאטישע פיאנא און די גרילצענדע קלאנגען פון דעם נישט אנגעשטעלטען אינסטרומענט, האבען געקלונגען אין ראסאלינדא'ס געהער, ווי א וואונדערליכע מוזיק. מיט דער פרעהליכקייט פון א פרייער יוגענט, האבען זיי געטאנצט טאנגאס און די איינזאמקייט האט זיי דערלויבט די ערשטע קושען. די מוזיקאלישע פראזעס זענען געפלויגען ווי פייגעלאך און אנטלאפען, דורך די טירען און די פענסטער פונ'ם ר ע ק ר ע א, אוועקגעפלויגען צום טייך, וואס האט מיט א מעטאל־גלאנץ געבליאסקעט אונטער דער זון אדער צו דעם סאמעטען שאטען פון די ביימער.

# אין א פארשטאדט

דאניעל איז אלט געווען צוואנציג יאהר און ער האט גערעדט פון חתונה האבען גאר אין גיכען. ער איז געווען א גוטער ארבייטער און האט פארדינט אן אויסגעצייכענטען לוין. ער האט געוואוינט צוזאמען מיט זיין מוטער אליין, אין א גרויסען צימערען־הויף נעבען פארק לעסאמא. רעדענדיג מיט לינדא'ן, האט זיך ביי איהם פון מויל קיינמאל נישט ארויסגעכאפט קיין אומאנשטענדיג ווארט; ער האט גערעדט צו איהר מיט אכטונג, איידעל. פונדעסטוועגען, ווען דאס מיידעל פלעגט צוריקקומען פון איהרע שפאצירען, פלעגט סאטורנינא אנפאלען אויף איהר, עפענען אויף איהר דעם שמוציגען פיסק, זידלען איהר, שרייען, אז זי איז אן אויסגעלאסענע און פלעגט מיט די שמוציגסטע ווערטער זידלען איהר חתן. זי פלעגט שרייען אויפ'ן קול, אומיסטען, כדי די גאנצע קאנוועטיזשא זאל הערען, אז ראסאלינדא איז א שליוכע, „געהט מיט אלעמען און מיט יעדען", אז דער מולער לעבט אויף איהר חשבון, אז זי האלט איהם אוים.

די דאזיגע שמוציגע באליידיגונגען האבען נישט געקימערט א האר אפילו דער אפטימיזם פון לינדא'ס בליהענדיגער יונגשאפט; און טאמער האט זי יא עפעס געליטען פון דעם, איז ווי נאר זי פלעגט זעקס אזייגער אין דער פריה ארויסגעהן פון שטוב אין דער ריכטונג צו דעם פריגאריפיקא, פלעגט עס פארשווינדען; איהר גאנצע פיין פלעגט אויסגעוועבט ווערען. זי איז געגאנגען צופוס א גליקליכע, גלייך זי וואלט געגאנגען צו א ליבע־צוזאמענטרעף. ווי נאר זי פלעגט פונדערווייטענס דערזעהן דעם פריגאריפיקא, האט זיך איהר געדאכט, אז די גאנצע ווייסקייט פון די אומגעהויערע ווענט דרינגען אריין אין איהר נשמה, אנפילענדיג איהר וועזען מיט זיסען זאנפטען געמיט און מיט ליכטיגע אילוזיעס. אינעוועניג פלעגט זי זיך אנטון דעם בלויען פארטוך און דאס ווייסע היטעלע — וואס איז געווען די אוניפארמע פון די ארבייטארינס — זייענדיג זיכער, אז עס פאסט איהר זעהר און דערביי פלעגט איהר באמת לייד טון, וואס איהר חתן קען איהר נישט זעהן אין דער דאזיגער קליידונג. זי האט געארבייט און איז נישט מיד געווארען, טראכטענדיג פון איהם. און אווענט־צייט, ווען זי איז געגאנגען צוריק פון דער ארבייט אהיים, איז עס געווען איהר אומענדליך גליק, דאס, וואס האט איהר לעבען פארשעהנערט: דאניעל, איהר ליבער דאניעל, געהט איהר אנטקעגען און באגלייט איהר. ווי קורץ עס האט איהר אויסגעזעהן דער וועג! כמעט

## אין אַ פּאַרשטאָדט

הינטערן ראַג! און אַלעס זעהט אויס עפּעס אַזוי ליב, אַזוי גוט, אַזוי פרעהליך, אַזוי הארציג! עס איז איהר קיינמאָל נישט געווען נישט היים, נישט קאַלט; אַן אומבּאַוועגליכער פריהלינג האָט געזונגען, פאַר איהר, אין די גאַסען און אין די הערצער. עס זענען גאַר נישט געווען קיין שלעכטע מענשען און די לופט איז פול געווען מיט קושען, מיט צערטליכקייטען, מיט לאַסקעס און מיט האָפנונגען. אָה, די ליבּע אין דער עלטער פון פופצעהן יאָהר, וואָהנזיניגקייט פון דער נשמה און פון די חושים! ראָסאַלינדאַ האָט געליטען און וועט ליידען, דאָס לעבּען האָט אָנגעזאָגט פאַר איהר נאָר בשורות פון טרויער; קיין פרייד האָט דאָס לעבּען פאַר איהר נישט אָנגעגרייט; די מענשליכע רשעות לויערט אַרום איהר, די מענשליכע רשעות הויערט נאָהענט איבּער איהר; און פונדעסטוועגען האָט איצט פאַר איהר נישט עקזיסטירט קיין שום זאַך פון דעם דאָזיגען מיִן טרויער און רשעות; זי האָט עס נישט געשפּירט; גלייך ווי זי וואָלט געווען אַ טאָכטער־קינד פון די וואוילהאָבּענדיגע! זי האָט געפיהלט די זעלבּע באַגעהרען, די זעלבּע פאַרלאַנגען, די זעלבּע וואונשען. זי האָט געשפּירט די זעלבּע אילוזיעס, וואָס זיי! מיט׳ן אונטערשיד נאָר, וואָס ביי ראָסאַלינדאַ׳ן איז די ליבּע געווען מעהר מענשליך. ווייל דאָס איז געווען די ליבּע פון איינער, וואָס ווייסט שוין וואָס אַזוינס עס איז דאָס לעבּען; אַ ליבּע, וואָס איז געבּוירען געוואָרען אינ׳ם ליידען, אין דעם פּיין!

## דריטער קאַפּיטעל

סאַטורנינאַ האָט געהאַט אַ זוהן. ער איז געווען אַ פאַרדאַרבענער בחור, וועמען מען האָט גערופען מיט'ן צונאָמען טשינאַ. ראַסאַלינדראַ האָט איהם נישט געזעהן מעהר זייט אַ סך יאָהרען. איינמאָל, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד, איז דער טשינאַ, דערפאַר וואָס די מוטער האָט איהם גוט אָנגעשלאָגען, אַנטלאָפען פון שטוב. סאַטורנינאַ האָט, חלילה, זיך נישט גענומען צום הארצען פון דעם; נישט געהאַט קיין עגמת נפש; און נישט געטראַכט אפילו איהם צו זוכען. אין עטליכע חדשים ארום האָט איהר עמיצער דערצעהלט, אַז ער איז אַ צייטונגס־פאַרקויפער; אָבער אַ וויזשילאַנט, וואָס האָט געוואוינט אין דער זעלבער „קאָנווענ־טיזשאַ", האָט פאַרזיכערט, אַז ער, טשינאַ, איז באַשעפטיגט ביי דער פיינער מלאכה פון קעשענע־גנב. אין יאָהרען ארום האָט מען זיך דערוואוסט, אַז ער איז אַ גנב, אַן איינגעשטעלטער, אַ געוואַגטער, אָהן מורא, און אָהן הארץ.

ווען סאַטורנינאַ האָט פאַרקויפט דאָס הויז פון ראַסאַלינדראַ'ס פאָ־טער אין לאַ באָקאַ, האָט דער זוהן פלוצים זיך באַוויזען אין דעם הויז. וואו זיי האָבען געוואוינט; ער האָט געדראָהעט דער מוטער, פאָדערענ־דיג, אַז זי זאָל איהם געבען געלט; און ווי נאָר ער האָט ביי איהר באַקו־מען, וואָס ער האָט געפאָדערט, איז ער ווידער פאַרשוואונדען און אַ סך צייט האָט מען איהם ווידער נישט געזעהן.

---

איינמאָל פאַרנאַכט, ווען זי איז געקומען פון פריגאָריפיקאָ, האָט זי געטראָפען דעם טשינאַ אין צימער. עס איז געווען נאַכט — ווינטער־צייט איז דאָס געווען — און אין צימער האָט מען נאָך אַלץ נישט אָנגעצונדען

קיין ליכט. דאָס ארבייטער־מיידעל און דער בחור האָבן אויסגערעדט בלויז געצעהלטע ווערטער. ראָסאַלינדאַ האָט אָבער באַמערקט, אַז דער טשינאָ באַטראַכט איהר מיט אַ מאָדנער נייגעריגקייט און אַז ער נעמט נישט אַראָפּ פון איהר קיין אויג.

ראָסאַלינדאַ, ווי נאָר זי איז אַריינגעקומען, איז צוגעגאַנגען אַ קוש טון דעם פאָטער. אַנטענאָרס גייסטיגער און געזונט־צושטאַנד איז אין יענע טעג שטאַרק פאַרערגערט געוואָרען; ער פלעגט פאַרברענגען שעה'ען לאַנגע, ווי אַן אידיאָטיזירטער, אין אַ מאָדנעם כראָפּען, אין אַ מין באַוואוסטלאָזיגער פאַרטאַיעטקייט. צומאָלס פלעגט ער רעדען פון משוגעת. ראָסאַלינדאַ, אַריינקומענדיג, האָט זיך צוגעזעצט נעבען פאָטער און זי האָט איהם גענומען גלעטען און לאַסקען פאַר אַ האַנט. אין עטליכע מינוט ארום האָט עס אויסגעזעהן, אַז דער אַלטער הויבט אָן ווי קומען צו זיך, באַקומען פאַרשטאַנד. ווען ער האָט געקענט אויסגלייכען זיך, האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און מיט באַוואוסטזיין אָנגעהויבען צו באַוועגען מיט די אויגען, וואַרפענדיג בליקען פון אומרוהיגקייט אין דער ריכטונג פון דער טיר.

— וואָס ווילסטו, טאַטע?

— זיי זענען אַ...וועק? — האָט אַנטענאָר אַ פרעג געטון מיט אַ שטימע, וואָס מען האָט קוים געקענט אָנשטויסען זיך, וואָס ער מיינט.

— יאָ, זיי זענען אַוועק. זיי רוהיג, טאַטע.

ראָסאַלינדאַ האָט געמיינט, אַז דער פאָטער רעדט נאָך אַלץ פון זיינע וואַהנזיניגע דמיונות; און אַזוי ווי אין די דאָזיגע פאַרשטעלונגען פון זיין קראַנקען דמיון פלעגט ער זעהן און רעדען וועגען שרעקליכע שעדליכע און גיפטיגע חיות און באַשעפענישען, האָט ראָסאַלינדאַ געמיינט, אַז דאָס רעדט ער נאָך אַלץ און פרעגט וועגען דעם. תיכף אָבער האָט דאָס מיידעל פאַרשטאַנען, אַז ער באַציהט זיך צו סאַטורנינאַ'ן און צו איהר זוהן. דער אַלטער האָט ארויסגערעדט עטליכע אומצוזאַמענבינדליכע פראַזעס און ווערטער, וואָס האָבען שווער געקלעפּט צווישן זיך; און דער טשינאָ איז פלוצים אויפגעשפּרונגען פון בענקעל און גענומען זיך וואַרפען אויף איהם:

— שווייג! פאַרמאַך דעם פּיסק, דו אַלטער ק...

— טשינאָ, וואָס ווילסטו טון? זעהסט דען נישט, אַז ער איז אַ

קראַנקער?

דער יונג האָט שוין געהאַט אויפגעהויבן די האַנט צו שלאָגן קאַראַלעס'ן, אָבער ראָסאַלינדאַ איז אונטערגעקומען אין דער מיט און נישט געלאָזט. דער טשינאָ און לינדאַ זענען געבליבן אַזוי אַ ווײַלע שטעהן איינער געגען דעם צווייטען, קוקענדיג איינער אויפ'ן צווייטען מיט פיינטשאַפט. דער פאַרדאָרבענער האָט איינגעקלאַמערט זיינע אויגען אין די בליקען פון לינדאַ'ן און עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט איהר וועלען דורכבריגען, דורכשטעכען מיט זיי. אַ ווײַלע האָט זי געהאט כח צו ווידערשטעהן, צו אויסהאַלטען אָט די דאָזיגע בליקען די באַהערשענדיגע, שוואַרצע ברוטאַלע, די בליקען, וואָס האָבען געקלאַפּט אין איהרע פרוויאישע אויגען, ווי אַ האַרטע ממשות'דיגע זאַך, וואָס האָבען אַריינגעדרונגען אין איהר געזיכט ווי צוויי דאָלעטעס, שניידענדיגע, בליקען, וואָס האָבען געהאט, זי האָט אַליין נישט געוואוסט, ווי אַזוי און וואָס, עטוואָס אומפאַרשטענדליכעס, עטוואָס פאַטאַלעס, עטוואָס שרעקליך דערשיטערענדיגעס, עטוואָס גרוילהאַפטיג באַאומרוהיגענדיגעס. און זי האָט נעגלען צוגעשלאָגען, זיין מויל צו איהרען, דאָס מיידעל האָט צונויפגענומישטע, אַ פאַרטומעלטע, דערפיהלענדיג זיך אוממעכטיג, שוואַך, שלעכט. דאַן האָט דער טשינאָ איהר אַרומגענומען און האָט צוגעקלעפּט, ווי מיט נעגלען צוגעשלאָגען, זיין מיול צו איהרען, דאָס מיידעל האָט צונויפגענומען אַלע איהרע כחות, געמאַכט איבער זיך די העכסטע אָנשטרענגונג, גייסטיג און קערפּערליך צו באַפרייען זיך; זי האָט אָבער געשפּירט זיך אַרומגענומען פון אייזען־פעסטע און שטאַרקע אָרימס, וואָס האָבען איהר נישט געלאָזט אַ ריהר טון זיך, געמאַכט איהר אומבאַוועגליך. אַן אויפגעשווידערטע, אַ צעשויבערטע, אַ כליפּענדיגע, אַ שליוכצענדיגע, האָט זי זיך געריסען, געראַנגעלט צו באַפרייען איהר געזיכט פון יענעמס מויל, וואָס האָט זיך אין איהר אַריינגענעגעלט. אַלץ איז געווען אומזיסט: די הענט פון דעם טשינאָ, ווי די פינגער־הענט פון אַ קלעפּיגער שפּין, זיינע פּיס און זיין גאַנצער קערפּער, האָבען איהר געהאַלטען אַרומגענומען, איינגעקלאַמערט און געדריקט וואָס ווייטער אַלץ פעסטער, שטאַרקער, איינצייט מיט שנאה און תאווה.

ראָסאַלינדאַ האָט געוואָלט אָנהויבען שרייען, אָבער אין דעם מאָמענט איז סאַטורנינאַ אַריין אין צימער און דער טשינאָ האָט אָפּגעלאָזט

זיין רויב. ראָסאַלינדאַ האָט אַ וואָרט ניִשט געזאָגט, אַ פאַרסאָפּעטע, מיט־צעשויבערטע, צעפּאַלענע האָר, די ליפּען פאַרבלוטיגט, איז זי געבליבען שטעהן אַזוי עטליכע מינוט אָפּכאָפּענדיג דעם אָטעם. זי האָט געקוקט ארום זיך אין אַלע זייטען, גלייך זי וואָלט נישט געדענקט וואו זי געפינט זיך. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז זי איז פארחושט געוואָרען, געבליבען עפּעס צעמישט, ווי אין אָנהויב פון אידיאָטיזם. זי האָט געשפּירט עפּעס ווי אומבאַשטימט, אַז דער קאָפּ שווינדעלט איהר. זי האָט נישט דערקענט די מענשען, נישט די זאַכען, וואָס זענען געווען אַרום איהר. דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעזעצט נעבען פאָטער און דאָרטען איז זי אַזוי פאַרבליבען פארשטאַרט, ווי אין אַ כמעט באַוואוסטלאָזען צושטאַנד, מיט בליקען פארגליווערטע, פארשטיינערטע און מיט'ן אויסזעהן און האלטונג פון איינעם, וועמעס גאַנצע נשמה און חושים זענען פארטון, פארנומען בלויז אין איין געדאַנק. דער אַלטער האָט צוגעזעהן דאָס פּאַרגעקומענע און נאָכדעם ווי ער האָט פּרובירט צו מאַכען מיט די הענט, באַוועגען זיך, וועלענדיג אויפשטעהן, איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ כראָפּענדיגער פאַרטאַיעטקייט, טיפער און שטאַרקער ווי אַלעמאָל.

סאַטורנינאַ און איהר זוהן האָבען זיך גע'סוד'עט:

— צו וואָס האָסטו עס געדאַרפט טון? ווען זי מאַכט אַ געשריי, ווערט דער גאַנצער הויף, דאָס גאַנצע הויז געוואוירע, אַז דו ביסט דאָ...

— זעהסט דאָך, אָבער, אַז זי האָט נישט געשריגען.

— און טאָמער וועט זי עמיצען דערצעהלען?

— זי, דערצעהלען? ווייסעך וואָס! נאָ קוק זי אָן, ווי זי זעהט אויס?...

דער טשינאָ איז זיכער געווען, אַז ראָסאַלינדאַ וועט אויס מורא נישט רעדען אַ וואָרט, נישט דערצעהלען. קענטיג אָבער, אַז באַלד איז איהם באַפאַלען אַ געוויסער צווייפעל אין דעם, ווארום ער איז צוגעגאַנגען צום מיידעל וועלכע איז געזעסען צו איהם מיט'ן רוקען, זיצענדיג די גאַנצע צייט נעבען פאָטער און האָט איהר געדראָהעט, אַז ער וועט איהר צושניידען מיט אַ מעסער דעם פּנים, אויב זי וועט עמיצען, וועמען נישט איז, זאָגען, אַז ער איז דאָ אין צימער. ראָסאַלינדאַ האָט איהם נישט געענטפערט. זי איז געזעסען ווי פאַרשטיינערט, אָהן באַוועגונג, די אויגען ברייט צעעפענט און פארשטאַרט און ווי אָהן באַוואוסטזיין עפּעס.

# אין אַ פאָרשטאָדט

זוי איהר נשמה וואָלט ווייט אַפּוועזענד געווען.

ביינאַכט האָט זי נישט געוואָלט זיך לעגען שלאָפען. זי איז געבליבען זיצען דאָרטען, אין דער פּאָזע ווי זי איז געזעסען פון אָווענט אָן; נאָר שפּעט ביינאַכט, ווען זי האָט געדענקט, אַז זי וועט קענען איינשלאָפען אַביסעל, האָט זי אויסגעשפּרייט אויפ'ן פּאָל, נעבען בעט פונ'ם פּאָטער, אַ דעקע, און האָט זיך צוגעלעגט. דער טשינאָ האָט פאַרנומען ראָסאַלינדאַ'ס געלעגער; אָבער ער האָט זיך אויך נישט אויסגעטון, גלייך ער וואָלט געוואָלט גרייט זיין פאַר יעדער מעגליכער צופעליגקייט, וואָס האָט געקענט געשעהן די נאַכט.

עס איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבע נאַכט, ווען ראָסאַלינדאַ, וועלכע האָט שלעכט און שווער איינגעדרעמעלט, האָט פון שלאָף דערפיהלט אויף זיך אַ שווערען קערפּער. זי האָט אויגענבליקליך באַגריפען, דערשפירט, מיט גרויל און אימה, אַז דאָס איז דער טשינאָ. זי האָט געוואָלט שרייען, וויסענדיג פאָראויס, אַז פאַרטיידיגען זיך אַליין, וואָלט געווען אומזיסט, אומזיניג; אָבער אַ טיכעל האָט שוין געהאַלטען פעסט פאַרשטיקט און פאַרבונדען איהר דאָס מויל. זי האָט זיך געוועהרט מיט אימפּעט, מיט קראַפט פון פאַרצווייפלונג. די שפּירונג און זיכערקייט, אַז דער פאַרדאָרבענער האָט איצט מעהר באַשטימטע און פעסטערע כוונות, ווי די, וואָס ער איז אויסען געווען אָווענט־צייט, האָט איהר געגעבען אומגלויבליכע, וואונדערליכע כחות; זי האָט זיך געוואָרפען, געקעמפּט, געריסען, געביסען מיט אַלע כחות, זי האָט געהאַט געמאַכט די העכסטע אָנשטרענגונגען מיט די הענט, מיט די פיס, מיט'ן גאַנצען קערפּער, האָט אָנגעשטרענגט איהרע מוסקולען ביז'ן לעצטען גראַד ארויסצורייסען זיך פון זיינע ברוטאַלע פינגער־נעגעל, וואָס האָבען געהאַלטען איהר קערפּער, ווי אין צוואַנגען געפּרעסט; זי האָט געוואָלט זיך וועהרען, שלאָגענדיג איהם, בייסענדיג איהם, דראָהענדיג, שרייענדיג. זי האָט אָבער נישט געקענט דערגרייכען גאָרנישט; דאָס טיכעל האָט פעסט פאַרשטעקט איהר האַלדז, איהר אָטעם. נאָך אַ לאַנגען שווערען קאַמף האָט זיך איהר איינגעגעבען אויף אַ ווײַלע אַרויסצורייסען, באַפרייען פון זיין אייזערנעם אומאַרמען אַ האַנט, האָט זי דאַן איינגעגראָבען איהרע נעגעל אין זיין פּנים און פאַרוואונדעט איהם טיף אין אַ באַק; האָט דער טשינאָ דאַן איהר אָנגענומען מיט ביידע הענט פאַר'ן קאָפּ און די האָר און האָט

# אין אַ פאַרשטאָדט

איהר מיט ווילדער רציחה אַראָפּגעבויגען אין אַן אנגסטליכער באַוועגונג כמעט ביז׳ן דיל, שיעור נישט אויסדרעהענדיג איהר דעם האַלדז און נאַקען. אַ האַלבע שעה האָט געדויערט דער גרוילהאַפטער קאַמף. דער מאַ־לעוואַ, אַרויסגעבראַכט פון געדולד, אין שרעקליכען גרימצאָרן, האָט איהר צעריסען דאָס קלייד אויף שטיקלעך, האָט איהר מיט די פויסטען צע־שלאָגען דאָס פּנים, דעם קערפּער; ראָסאַלינדאַ האָט אין גאַנצען געצי־טערט, געשווידערט, געוויינט מיט׳ן פאַרשטיקטען מויל, הייזעריג גע־שליוכצט. און סוף כל סוף האָבען זיך איהרע כחות פון פאַרצווייפלונג דערשעפּט. זי איז געבליבען ליגען אַן אויסגעמאַטערטע, אַ האַלב־פאַר־חלש׳טע אַ פאַרשטאַרטע. דער טשינאַ האָט איהר דאַן פאַרגוואַלדיגט און באַמאַנט.

אַ לאַנגע צייט איז ראָסאַלינדאַ געבליבען ליגען אַזוי אויף דעם דיל, אין באַוואוסטלאָזען צושטאַנד, אַ גע׳חלשטע, אַ צעבראָכענע, אַ פאַרניכ־טעטע, ווי אַ זינלאָזע באַשעפעניש. קיינער איז איהר נישט געקומען צו הילף. איהר שטיפמוטער סאַטורנינאַ, האָט געזעהן וואָס איהר זוהן טוט מיט׳ן מיידעל, זי איז אָבער ווייטער געשלאָפען, אָדער געמאַכט זיך שלאָ־פענדיג. די גאַנצע נאַכט האָט דאָס מיידעל געציטערט, אין פיבער, אַריינ־פאַלענדיג יעדער וויילע אין אַ צושטאַנד פון חלשות; פון גרויל און אימה האָט עס איהר געוואָרפען אין אַ קעלט, אין די מינוטען, ווען זי איז גע־קומען צו זיך; און יעדער קלענסטער מינדסטער שאָרך האָט אויף איהר אָנגעוואָרפען אַ שרעק, ווייל זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס געהט דער פאַרברעכער ווידער צו איהר, צו פאַרגוואַלדיגען זי אַ צווייטען מאָל. ווען דאָס ליכט פּנ׳ם אָנקומענדיגען טאָג האָט איהר געלאָזט דערזעהן איהרע צעריסענע קליידער, דאָס פאַרגליווערטע בלוט און סיניאַקעס אויף איהר צעשלאָגען פּנים און לייב, האָט זי ערשט אָנגעהויבען וויינען און וויינען. סאַטורנינאַ און דער טשינאַ האָבען אין דער זעלבער צייט גע־כראָפּעט אין זייערע בעטען.

---

יענעם טאָג האָט ראָסאַלינדאַ נישט געקענט געהן צו דער אַרבייט. זי איז געווען דערשלאָגען, צעבראָכען, דערשעפּט אין גאַנצען. דער טשי־נאַ, וועלכער איז אויף איין מינוט נישט אַרויס פון צימער, פלעגט ווען נישט ווען צוגעהן צו איהר נאָהענט און אַ קוק טון איהר אין די אויגען.

## אין א פאַרשטאָדט

דאָסאַלינדראַ האָט דאַן געפיהלט, אַז זיינע אויגען שניידען איהר דורך און דורך, דרינגען זיך דורך, רייסען זיך אַריין דורך איהרע אויגען טיף אין איהר, אינעווייניג; עפּעס ווי זיי וואָלטען זיך אויף געוואַלד אַריינגעריסען וויט טיף, און באַצווינגען איהר נשמה. אין די מאָמענטען האָט זי געהאַט די שפּירונג, ווי ער, דער טשינאָ רויבּט אַוועק ביי איהר, מיט'ן כח פון זיינע שאַרפע שניידענדיגע בּליקען, אַלץ וואָס זי האָט אין איהר גייסט, אין איהר האַרץ; אַז די דאָזיגע בּליקען זענען ווי צוויי לאַנגע, דאַרע, שפּיזיגע הענט, וואָס שלייכען זיך אַריין אין אַ קופערט און גנבֿ'ע־נען אַרויס אַלעס, וואָס דאַרטען איז פאַראַן. און אין די דאָזיגע מאָמענ־טען פלעגט זי ווי פאַרלירען איהר באַוואוסטזיין. זי פלעגט אָנווערען יעדער באַוועגונג און איז געבליבען ווי אַ ווילענלאָזע פּאַסיווע באַשעפע־ניש, אָהן אייגענס, אָהן פּערזענליכעס, אַ באַשעפעניש אָהן אַ נשמה, אָהן אַ פונק פון רצון.

אַ פאַרמאַטערטע פון אַזאַ צושטאַנד, וואָס האָט זיך געצויגען לאַנגע פּייניגליכע שעה'ען, איז זי, איינמאָל, האַלבּ אַנדרימעלט געוואָרען אויף אַ ווײלע, צושפּאַרענדיג זיך פון מידקייט. אין אַ ווײלע אַרום האָט זי אַזוי, האַלבּ אין דרימעל, האַלבּ אין קאַשמאַר, דערהערט ווי סאַטורנינאַ און איהר זוהן רעדען צווישען זיך:

— עס איז אַ סוד, מאַמע, אַ מאָדנע, אַן אומפאַרשטענדליכע זאַך, פאַרשטעהסט? — האָט דער טשינאָ געזאָגט, מיט זיין מאָדנער „קאָמ־פּאַדרישער" אויסשפּראַך, ציהענדיג, פאַרלענגערענדיג מאָדנע צעצויגען די זילבען פון די ווערטער, ווי עס איז דער לשון פון די וואוליונגערישע מ אַ ל ע ו ו אָ ס — איך מאַך מיט איהר וואָס כ'ווי...י...י..ל נאָר; איך... קע...ע...ען טו...ן מיט איהר וו...אָס — — — —

— אָנו, לאָמיך אויך פאַרשטעהן, וואָס איז עס; דערקלער עס מיר אַקאָרשט, וואָס ווילסטו זאָגען דערמיט? כ'פאַרשטעה נישט, זוהן מיי־נער, קיין אות פון דעם, וואָס דו זאָגסט.

און דער טשינאָ האָט זיך באַמיהט צו אויפקלעהרען איהר. ער האָט אַנטדעקט, אַז עס איז איהם געגלונגען, אַז ער זאָל אַ קוק געבּען אויף לינדראַ'ן, און דאָס מיידעל מוז איהם גלייך פאָלגען, ווערען געהאָרכזאַם. ווי ווילד, אויפגערעגט און ווידערשפּעגסטיג זי זאָל נישט זיין, ווי שטאַרק זי זאָל זיך נישט וועלען וועהרען, איז גענוג, אַז ער זאָל נאָר איינקלאַמערען זיין

## אין א פארשטאָדט

בליק אין איהרע אויגען, איינקלאמערען זיי אַזוי אויף א באזונדער מין אופן, ווי נאָר ער ווייסט ווי עס צו טון, און זי ווערט גלייך געהארכזאם, אונטערטעניג, און פאָלגט אין אַלעם זיין ווילען.

— איז עס דאָך, נישט אנדערש, ווי א כישוף, ווי אַן אַפגעטוענע זאך! — האָט איראָניש קאָמענטירט די פרוי, וועלכע גראָדע אין איהר „שטאַנד", אַלס אַמאָליגע טרעפערקע, קאָרטענוואָרפערקע, האָט נישט גע־גלויבט אין קיין שום זאך, אויסער ממשות'דיגעס, אַנזיכטיגעס, נאַטיר־ליכעס.

— איך ווייס נישט...

— און ווער האָט עס דיר אויסגעלערענט אַזעלכע קונצען? האסטו אפשר א פאַרבינדונג, א פריינטשאפט מיט'ן טייוועל, צי וואָס? הער נאָר, זיי פאַרזיכטיג... — האָט זי, כלומרשט, גע'חוזקט.

— איך מיין עס ערנסט, מאַמע. איך זאָג דיר אין ערנסט... און... איך ווייס אַליין נישט פון וואַנען קומט עס צו מיר. איך זאָג דאָך דיר: איך דאַרף נאָר א קוק טון...

— אפשר באַזיצסטו דעם אמת'ען צויבער־שטיין, דעם ריכטיגען אימאַן, טשע? — האָט סאַטורנינאַ אויסגעשאָסען א געלעכטער, הערענ־דיג איהר זוהן רעדען; זי האָט זיך דערביי דערמאָנט אין די צייטען, ווען זי פלעגט אַזוי מעלדען אין די צעטעלאך, וואָס זי פלעגט לאָזען וואַרפען אין די גאַסען, פאַרשטעלענדיג זיך אַלס טרעפערקע און וואַהרזאָגערקע, וואָס באַזיצט, צוזאַמען מיט'ן אמת'ען ריכטיגען מאַגניט־שטיין „די מעכ־טיגע טאַליסמאַנען פונ'ם ירדן און אַלע פאַרשריטען פון די מאָדערנע ווי־סענשאַפטען".

ראָסאַלינדאַ האָט געהערט די דאָזיגע ווערטער, אָבער אין דעם פאַר־שטאַרטען האַלב־באוואוסטלאָזען צושטאַנד פון פאַרגליווערטקייט און ווי־לענלאָזיגקייט, אין וועלכען זי האָט זיך דאַן געפונען, באַהערשט פון דעם שלאָף, וואָס האָט סוף כל סוף גובר געווען איהר צעבראָכענעם צעשרויפ־טען קערפּער, האָט זי עס כמעט ווי נישט באַגריפען; געהערט, האַלב פאַר־שטאַנען, אָבער נישט באַווירקט געוואָרען פון דעם.

פאַרנאַכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פונ'ם שווערען שלאָף. זי האָט געוואָלט אַרויסגעהן פונ'ם צימער, אָבער סאַטורנינאַ און דער טשינאָ האָ־בען איהר נישט געלאָזט.

## אין אַ פאַרשטאָדט

דעם גאַנצען טאָג האָט זי כמעט ווי נישט דערמאָנט זיך אין דאַניעל'ן. זי האָט נישט געקענט, קיין כח און ווילען נישט געהאַט צו טראַכטען פון איהר חתן. זי האָט איהם געזעהן, ווי אַ ווייטע זאַך, ווי אַ טויטע, אַן אָפּ־געשטאָרבענע זאַך, וואָס איז פאַרלוירען אויף אייביג. זי איז שוין אַ צווייטען מאַנסבילס... אַזוי האָט געוואָלט דער גורל!... פאַרפאַלען. און זי וואָלט, דערום, שוין קיינמאָל ניט געקענט זיין מעהר דאַניעל פאַרטי'ס ווייב.

און דעם דאָזיגען געדאַנק, אַז זי געהערט איצט צום מאַלעווע, אַז זי מוז שוין זיין זיינע, האָט זי נישט געקענט אַרויסרייסען פון איהר מוח. עס האָט איהר געשווידערט פון דעם געדאַנק. עס האָט איהר גע־עקעלט פונ'ם טשינאָ און דאָך פלעגען דעם פאַרברעכערס בליקען איהר באַזיגען; ווי נאָר דער טשינאָ האָט איינגעקלאַמערט אין איהר זיינע שנייי־דענדיגע אויגען, אַזוי האָט זי זיך דערשפּירט ווי אויפ'ן ראַנד פון אַ שוואַרצען טיפען גרוב, פון אַן אָפּגרונט, וואָס רופט איהר, מאַניעט איהר, ציהט איהר, זי זאָל זיך אַריינוואַרפען, זינקען אין איהם.

---

ווען עס איז געוואָרען נאַכט, האָט איהר דער טשינאָ נאָכאַמאָל פאַר־גוואַלדעט. דאָס מאָל האָט זי שוין כמעט ווי נישט געוועהרט זיך. זי האָט נישט געהאַט מעהר נישט קיין כח, נישט קיין ווילען. זי האָט נישט געהאַט דעם באַוואוסטזיין פון זיין פריי, נישט דעם באַוואוסטזיין פון אַ מענש מיט ווילען, מיט גייסט; און זי האָט זיך געלאָזט פייניגען, זי האָט זיך איהם איבערגעגעבען, גלייך זי וואָלט נישט געווען זי; זי האָט זיך איבערגעגעבען, ווי זי וואָלט געווען אַ חפץ אָהן אַ נשמה, אַ טויטע זאַך, איבער וועלכער זי האָט מעהר קיין דעה נישט, האָט נישט צו שאַ־פען מעהר.

אין דער זעלבער נאַכט איז די פּאָליציי געקומען אין קאָנווענטיזשאָ און אַוועקגעפיהרט אַן אַרעסטירטען דעם טשינאָ.

# אין א פאַרשטאָדט

## פערטער קאַפּיטעל

— אָבער, פאַרוואָס ווילסטו זיך נישט זעהן מיט איהם, לינדאַ?
— איך קען נישט, זאָלסט מיך נישט בעטען אזא זאך... איך קען עס נישט טון.
— אָבער ער האָט דאָך דיר אַלצאיינס ליב. ער ווייסט, אַז דו ביסט נישט שולדיג געווען...

אַלע איבערווייזען און איינרעדענישען, וואָס איסאָורא האָט אָנגעווענדעט, זענען געווען, קענטיג, אומזיסט. און בעת זי האָט זיך מיט אַלע כחות באַמיהט צו איבערצייגען איהר, האָט ראָסאַלינדאַ, אָנגעלעהנט אויפ'ן אָרים פון איהר חבר'טע, געטראַכט, דעראינערט זיך אין איהר איבערלעבונג. דריי יאָהר זענען זייט דאַן אוועק, אָבער זי האָט נישט פאַרגעסען איינגאַנצען איהר אומגליק. פון יענעם טראַגישען טאָג אָן, איז איהר לעבען פאַרפינסטערט געוואָרען. די וועלט האָט איהר אויסגעזעהן פון יענעם טאָג אָן, ווי א באַשעפעניש, וואָס איז ארויסגעקומען פון פאַרברעכען און פון קאַשמאַר. זי איז געוואָרען א שווייגזאַמע, א שרעקעוודיגע, אַן אומפאַרטרויליכע. אין משך פון פיל חדשים האָט זי מיט קיינעם נישט געוואָלט רעדען. דער פריגאָריפיקאָ איז געווען פאַר איהר אַן אָפּקומעניש, א פייניגונגס־פּלאַץ.

ערשט ווען עס זענען אוועק צוויי יאָהר, האָבען ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבען פאַרציהען די וואונדען פון יענע שרעקליכע טעג.

זי האָט דאַניעל'ן נישט געוואָלט זעהן.

דאָס ערשטע מאָל, ווען זי איז געגאַנגען אין פריגאָריפיקאָ, דריי טעג נאָכדעם, ווי מען האָט דעם טשינאָ איינגעשפּאַרט אין תפיסה, האָט פאַרטי, ווי תמיד, געוואַרט אויף איהר, ביים ראָג פון גאַס. זי, אָבער, איז

פאַרבייגעגאַנגען, נעבען איהם, גלייך ווי נישט איהר מיינט מען. זי האָט נישט געענטפערט אויף זיין האַנט, וואָס איז געווען צו איהר אויסגע־שטרעקט, נישט אויף זיין ליבענדיגער צערטליכער שטימע, וואָס האָט צו איהר גערעדט. דער בחור איז געבליבען דערשטוינט, פאַרגלי־ווערט, נישט פאַרשטעהענדיג, וואָס איז געשעהן. אויף מאָרגען, אויף אי־בערמאָרגען, איז ער ווידער געקומען אויף דעם זעלבען פלאַץ, געוואַרט אויף איהר, און ראָסאַלינדאַ האָט איהםביידע מאָל אָפּגעשטויסען. ער האָט, לכתחילה, געמיינט, אַז מען האָט אָנדערצעהלט זיין כלה, עפּעס אַ רכילות אויף איהם. ער איז, אָבער, באַלד געוואוירע געוואָרען, אַז עס איז נישט דאָס; און דאַן האָט ער זיך אָפּגעלאָזט, דערווייטערט זיך פון איהר.

דאַניעל, אָבער, איז געווען אַ מענש, וואָס פאַרגעסט נישט אזוי לייכט. ער האָט שטאַרק ליב געהאט זיין כלה און האָט נישט געקענט פועל'ן ביי זיך, אַז זיין ליבע־טרוים איז פאַרענדיגט. ער האָט, לפּחות, געוואָלט וויסען די סיבה, דעם סוד. ער האָט געוואָלט וויסען, וואָס אַזוינס איז געשעהן. פלעגט ער פון צייט צו צייט וואַרטען אויף איסאַוראַ'ן און בעטען איהר, אַז זי זאָל זיך דערקונדיגען, אַז זי זאָל עס געוואוירע ווע־רען. און איסאַוראַ האָט אויף טויזענטער אופנים פּרובירט צו דערגעהן דעם סוד; אָבער אַלעס איז געווען אומזיסט. ביז וואַנען אַ צופאַל האָט איהר אין דעם געהאָלפען. איינמאָל ביינאַכט, האָט סאַטורנינאַ, אין דער אָנוועזענהייט פון איסאַוראַ'ן צעעפּענט איהר מענה־לשון און גענומען זידלען, שרייען און באַליידיגען ראָסאַלינדאַ'ן. אין דעם שטראָם פון די זידלערייען, וואָס האָט זיך געגאָסען פון סאַטורנינאַ'ס מויל, האָבען זיך אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר אויסדרוקען און ווערטער, וועלכע האָבען אויפגעדעקט פאַר איסאַוראַ'ן אַ טייל פונ'ם אמת. דאַן איז ראָסאַלינדאַ'ן קיין אַנדער אויסוועג נישט געבליבען, ווי צו דערצעהלען איהר חבר'טע דעם גאַנצען אמת וועגען איהר אומגליק; און זי האָט עס געטון, כדי איסאַוראַ זאָל נישט טראַכטען וועגען איהר קיין שלעכטס. די חבר'טע, ווי נאָר זי האָט זיך דערוואוסט פונ'ם גרויסען אומגליק, וואָס האָט געטראָפען ראָסאַלינ־דאַ'ן, איז אַוועק און האָט עס דערצעהלט דאַניעל פּאָרטי'ן, זייענדיג זי־כער, אַז זי טוט דערמיט אַ גוטע זאַך. און איצט איז זי צוריק געקומען צו לינדאַ'ן מיט'ן ענטפער פונ'ם אַרבייטער, וואָס האָט פאַרזיכערט, אַז

ער האָט איהר קיינמאָל נישט פאַרגעסען און שווערענדיג, דערביי, אַז ער באַשולדיגט איהר נישט. און אין זיין נאָמען האָט איסאַורא עס איינגע׳טענהעט מיט לינדאַ׳ן, אַז זי זאָל זיך טרעפען מיט איהם, מיט דאַניעל׳ן, דורכרעדען זיך מיט איהם.

— הכלל, וואָס זאָל איך איהם ענטפערען? זאָל איך איהם זאָגען, אַז מאָרגען פאַרנאַכט זאָל ער וואַרטען אויף אונז? יאָ... זאָג נישט, אַז נישט... עקשן זיך נישט, דו וועסט איהם גליקליך מאַכען דעם אָרימינקען, אומגליקליכען דאַניעל...

— גוט... אויב ער וויל... זאָל זיין אַזוי — האָט ראָסאַלינדאַ געענטפערט, באַגיסענדיג זיך מיט טרעהרען.

---

ווען די צוויי מיידלאַך זענען געקומען אויף דער פלאַסאַ מאַטהעו, איז דאַניעל נאָך נישט געווען. איסאַורא האָט איהם פאַרענטפערט, דערקלעהרענדיג, אַז ער האָט פאַרשפּעטיגט מסתמא, ווייל ער געהט אום, איצט, זוכען אַ פּליץ צו אַרבייטען. זיי האָבען זיך פאַרוויילט ביידע קוקענדיג ווי קליינינקע קינדער שפּילען זיך אין זאַמד, אויף דער פלאַסע. עס איז קענטיג געווען, אַז עס זענען קינדער פון אָרימע פאַמיליעס. זיי האָבען זיך געשפּילט אַליין. קיינער האָט אויף זיי נישט אַכטונג געגעבען; נישט קיין דינסטען, נישט אַפילו די מוטערס זענען דאָרטען געווען. דער איינציגער, וואָס האָט ווען נישט ווען געוואָרפען אויף זיי אַ פאָטערליך בליק, איז געווען דער מוניציפּאַלער היטער פון דער פלאַסע, אַן אינוואַליד, אַ הינקענדיגער.

עס איז געווען אַ פאַרנאַכט פון זון און פון וואָלקענס. יעדער ווייליע איז פינסטער געוואָרען; און אַלעס פלעגט מיט אַמאָל באַקומען עפּעס אַ מין אויסזעהן פון טרויעריגקייט, פון אַנגע׳ברוגזקייט, ווי איינער, וואָס כמורעט אַן און פאַרקנייטשט יעדער ווייליע דעם שטערען און די ברעמען. און נאָכ׳ן אַנכמאָרען באַווייזט זיך באַלד ווידער די זון, וואָס האָט שוין געהאַלטען ביי שקיעה, רייסט זיך אַרויס, באַפרייט זיך פון דעם אומגעהויערען וואָלקען, וואָס געהט פאַרביי נעבען איהר, ביי דער זייט; און אַלץ פלעגט מיט אַמאָל ווידער באַלויכטען ווערען. די בוימער, וואָס זענען געווען נידעריגער פון אַנדערע און וואָס האָבען געהאַט ווינציגער צווייגען, ווי אַנדערע, פלעגען מיט אַמאָל ווערען ווי באַגאָלדט, גלאַנציג געל

## אין אַ פֿאַרשטאָדט

און איינציגע האָבן אויסגעזעהן ווי באַדעקט מיט קליינינקע פלאַמען. די טרויעריגקייט, אָבער, פון יענער פלאַסע וואָס הינטער'ן שטאָדט, איז פון דעם נישט פאַרשוואונדען. די שפילערייאיינריכטונגען פאַר קינדער — טראַפּעציעס, פאַראַלעלען, הוידעלקעס — זענען געשטאַנען איינזאַם, לעדיג אין דער מיט פון דעם אָפּגעצאַמטען פלאַץ פאַר זיי. די זון האָט נאָר אויף אַ נאָך מעהר פיהלבאַרען אופן אונטערגעשטראָכען די שווייגזאַמקייט, די שטומע עלענטקייט און פאַרקלאָגטקייט פונ'ם פלאַץ, ווי אויך די אָנשטענדיגע אָרימקייט פון די הילצערנע הייזקעס, צונויפגעשלאָגענע פון ברעטער, וואָס האָבן זיך געצויגען פאַזע און אַרום דער פלאַסע. די פּאָר קינדערלאַך אַפילו, וואָס האָבן זיך יאָ געשפּילט אין דער פלאַסע, זענען אויך געווען שווייגזאַמע און טרויעריגע.

די צוויי חבר'טעם זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער הויכער אייזערנער גראַטע, מיט וועלכער די פלאַסע איז געווען ארומגענומען און האָבן אומשפּאַצירט, זאַלבענאַנד אונטער דער האַנט. פון יענעם ראָג פון גאַס האָט מען פון ווייטענס געזעהן דעם שוואַרצען און גיגאַנטישען סקעלעט פון דעם אַריבערפיהר־פאַראַם.

דאַניעל איז אונטערגעקומען. ראָסאַלינדאַ האָט געקוקט אויף איהם, ווי מיט מורא. דער בחור, קענטיג, אויך אַביסעל אונטער דעם רושם פונ'ם מאָמענט, האָט שרעקעוודיג־שעהמעוודיג אָפּגעווענדעט פון איהר די בליקען. איסאַוראַ האָט זיי אָנגעוויזען אויף אַ באַנק. און זיי ביידע זענען אַוועק אַהינצו, אַוועקזעצענדיג זיך דאָרטען, בעת זי, איסאַוראַ, איז געבליבען שטעהן נעבען דעם אָרט, וואו די קינדערלאַך האָבן זיך געשפּילט און פאָרגעזעצט דאָרטען קוקענדיג אויף זיי. אָהן אַ שמייכעל און אָהן שום זייטיגע געדאַנקען האָט איסאַוראַ נאָכגעקוקט ווי דאָס פּאָרל געהט אַוועק פון איהר, זונדערט זיך אָפּ אויף דער באַנק; זי האָט עס צוגעקוקט מיט אַזאַ בליק, ווארום זי האָט געשפּירט מיט'ן אינסטינקט, אַז פאַר אָרימע מענשען איז די ליבע זעהר אַ ערנסטע, זעהר אַ טרויעריגע זאַך.

דאָס צוזאַמענטרעפען זיך איז געווען ריהרענד פאַר ביידען. זיי האָבן זיך ביידע געפיהלט עמאָציאָנירט. גערעדט האָבן זיי, אָבער, נאָר וועגען אומבאַשטימטע, ווייטע זאַכען: גערעדט סתם אין דער וועלט אַריין. רעדען וועגען עפּעס נעהענטערעס, וואָלט פאַר זיי, סיי ווי סיי,

געוועז אונמעגליך. ראָסאַלינדאַ האָט נישט געוואָגט אַפילו צו קוקען אויף דאַניעל'ן. און חוץ דעם האָט די אָנוועזענהייט פון א טערק, א פּאַרקוי־פער פון קרוזשעוועס און שפּיצען, וואָס איז געזעסען נישט ווייט פון זיי אויף א צווייטער באַנק, שטאַרק אומבאַקוועם זיי געמאַכט. עס האָט זיך זיי געדאַכט, אז דער טערק קוקט אויף זיי מיט א דינעם אומאויפהע־רענדיגען שמייכעל. חוץ דעם פלעגט פון צייט צו צייט פאַרבייגעהן דאַר־טען א מיידעל מיט העפטען אין די הענט — מסתמא עמיצער פון די לעהרערינס פון דער פאָרשטאָדט — און וואַרפען א בליק אויף ראָסאַלינ־דאַ'ן. קיינע פון די פאַרבייגעהענדיגע האָט עס נישט געטון מיט א ספּע־ציעלער כונה; נישט אויס נייגעריגקייט, אָבער ראָסאַלינדאַ פלעגט רויט ווערען פון אַזעלכע בליקען, טראַכטענדיג דערביי, אַז מען קען דערקענען ביי איהר אויפ'ן פּנים, אַז זי האָט שוין געהערט צו א צווייטען מאַן...

ביידע האָבען זיי אינערליך געוואָלט, אַז איסאַוראַ זאָל שוין וואָס גיכער צוקומען צו זיי, כדי באַפרייט צו ווערען פון דער דאָזיגער שווערער באַגעגעניש, צו וועלכע קיינער פון זיי האָט, פונדעסטוועגען נישט גע־וואָגט צו מאַכען אַן ענדע. איסאַוראַ האָט לאַנג נישט פאַרזאַמט. זי איז באַלד צוגעקומען און אַלע דריי האָבען זיי זיך געלאָזט געהן.

דורכשניידענדיג די פּלאַסע, האָט דאַניעל זיי איינגעלאַדען צו אַריינ־זעצען זיך אין א קאַרוסעל, וואָס איז געשטאַנען קעגענאיבער. די מייד־לאַך האָבען איינגעשטימט. דאַניעל און ראָסאַלינדאַ האָבען זיך געזעצט צוזאַמען אין איין וועגעלע. און אונטער די קלאַנגען פון א דרעה־פּיאַנאָ און מיט דער הילף פונ'ם דרעהען זיך און באַוועגען זיך פון דעם קאַרוסעל, איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדען געוואָרען, פאַרקלענערט געוואָרען די שרע־קעוודיגע אָנגעצויגענקייט, האַרטקייט, וואָס האָט פריהער א ווייל גע־הערשט צווישען זיי; און די היימישקייט און נאָהענטקייט, וואָס האָט מיט א יאָר צוריק אָנגעהאַלטען צווישען זיי, האָט ווידער זיך אומגע־קעהרט.

— ווילסט, אַז מיר זאָלען זיך איינגיכען ווידער זעהן? — האָט דאַ־ניעל א זאָג געטון, ווענדענדיג זיך צו איהר, דאָס ערשטע מאָל דעם אָוונט, אויף דו.

— גוט! — האָט זי געענטפערט, פאַרבאָרגענדיג איהר צופרידענ־קייט.

# אין אַ פּאָרשטאָדט

— אפשר טאַקע מאָרגען שוין ?

— אויב דו מיינסט, דאַניעל, אַז ס'איז מעגליך... — האָט זי אויך דאָס ערשטע מאָל, דעם אָוונט, געענטפערט איהם אויף דו.

עס האָט אָנגעהויבען שפּעט ווערען, און זיי האָבען זיך צעשיידט. און די געגענזייטיגע ליבע, וואָס זיי ביידע האָבען געפיהלט און וואָס האָט איצט זיך אָנגעהויבען דערוועקען שטאַרקער ווי פריהער, האָבען זיי איצטערט דערשפּירט אין דעם האַנט־דריקען ביים געזעגענען זיך.

---

און נאָך דער דאָזיגער באַגעגעניש זענען פאָרגעקומען נאָך און נאָך באַגעגענישען און צוזאַמענטרעפענישען. ביז זיי האָבען ווידער אָנגעהויבען זיך זעהן יעדען פאַרנאַכט און, ווידער, ליבען זיך ווי פריהער; און ווידער האָבען זיי אָנגעהויבען וועבען פּלענער וועגען זייער קינפטיגען גליקליכען לעבען, ווי אין יענעם זומער פון די ברענענדיגע טעג, ווען ראָסאַלינדאַ פלעגט געהן פאַרנאַכט פון דער אַרבייט אינ'ם פריגאָריפיקאָ, שעהן אין דער בליהונג פון איהרע פופצעהן יאָהר, מיט אַ פאַררויטעלט פּנים, פורפורנעם מויל און ראָזעווע ליבּ, אָנגעטון אין איהר רויטען קאָפּטעל, אויף וועלכען זי האָט געטראָגען אָנגעשפּיליעט אַ רויטע נעגעל־בלום און אויף דער ווייסקייט פון איהר האַלדז אָנגעבונדען יענע רויטע סטענגע, וואָס האָט באַצייכענט איהר האַלז, ווי מיט אַ ברייטען בלוטיגען שניט.

און ווידער האָבען זיך אומגעקעהרט די שפּאַצירען צווישען די ווענט און אָפּטיילונגען פון דעם האַפען פונ'ם ריאַטשועלאָ, איבער די גאַסען פּאַטריסיאָס און אַלמיראַנטע בראָוון, וואו עס ווימעלט תמיד פון מענשען־המון. זיי פלעגען זיך אָפּשטעלען, אין זייערע שפּאַציר־גענג, ביי די שויי־פענסטער פון די קראָמען, וואָס פאַר דער אָרימער אַרבייטער־מיידעל, האָבען זיי אויסגעזעהן וואונדערליך־פּרעכטיג. און אין די זעלטענע פאַלען, ווען דאַניעל האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר סענט, פלעגען זיי אַריינגעהן אין אַ קינאָ.

ראָסאַלינדאַ איז איצט שוין נישט געווען די זעלביגע, וואָס פריהער: די טיפע דראַמע, וואָס זי האָט איבערגעלעבט און די דריי יאָהר אַרבייט אינ'ם פריגאָריפיקאָ, וואָס זענען דערנאָך געקומען, האָבען געמאַכט וועלקען עטוואָס איהר יוגענט. און דאָס אַלעס און דאָס, וואָס זי האָט שוין איצט געוואוסט אויך ווי ווייט און ווי טיף עס קענען גרייכען די

איבלען און עלענט אינם לעבען און די מענשליכע שלעכטקייט און רשעות, האָט צוגעגעבען איהר געזיכט אַן אויסדרוק פון פּיין, פון שמערצליכקייט.

אויך דאַניעל פּאָרטי האָט פאַר דער דאָזיגער צייט זיך געענדערט. זיינע דריי און צוואַנציג יאָהר — ער איז מיט פיר יאָהר עלטער געווען פון לינדאַ'ן — האָבען אין איהם אויסגעזעהן אַ סך עלטער; ער האָט גע־האַט דעם אויסזיכט פון אַ מאַן פון אַ יאָהר אַכט און צוואַנציג. ער איז שוין אויך נישט געווען אַזוי תמימות'דיג, ווי פריהער מיט יאָהרען, און אויך שוין נישט אַזוי אָפּטימיסטיש. זייענדיג דאַן ליידענשאַפטליך פאַר־ליבט אין זיין כלה, האָט די פּלוצימדיגע און אומפאַרשטענדליכע ענדע־רונג אין דער האַלטונג און באַציהונג פון ראָסאַלינדאַ'ן צו איהם, גע־האַט אַרויסגערופען ביי איהם אין געמיט אַ שטאַרקע דערשלאָגענקייט, אַ טרויעריגקייט און אַן אומצוטרוי. ער האָט געזעהן, געשפּירט, אַז עס איז געשעהן אַ טראַגעדיע; ער האָט אָבער נישט געקענט אָנווייזען קאָנ־קרעט אויף דעם, נישט געקענט וויסען גענוי וואָס איז פאָרגעקומען. און כדי צו פאַרגעסען, צו פאַרטרייבען זיין טרויעריגען געמיט, וויבאַלד ראָ־סאַלינדאַ האָט זיך געהאַלטען פאַר'עקשנט אין איהר פרעמדקייט צו איהם, אָהן מעגליכקייט צו ווירקען אויף איהר צו ענדערען איהר באַציהונג, האָט ער זיך מיט אימפּעט געוואָרפען אויפן לייענען. און לאַנגע און פילע שטונדען האָט ער פאַרבראַכט שלינגענדיג אָהן שיעור ביכער פון די ביליגע אויפלאַגעס, וואָס מען האָט איהם געליהען אָדער וואָס ער האָט געקענט קויפען. און ער איז געוואָרען אַ פאַרברענטער חסיד פון באַקונינען, פון קראָפּאָטקינען, פון טאָלסטאָיען, מאַלאַטאָ'ן און פון אַנדערע רעוואָלוציאָ־נערע שריפטשטעלער.

דאָס לייענען אַליין איז גאָר אין גיכען שוין נישט געווען גענוג פאַר דעם ציל צו פאַרגעסען זיך און פאַר די פריוואַטליכע אידעען, וואָס האָ־בען זיך צוגענומען און אָנגעהויבען שפּראָצען אין זיין גייסט, און ער איז אַריינגעטראָטען אין אַ פאַך־פאַראיין, גרייט צו טעטיגקייט. איצט איז ער געווען סעקרעטאַר פונ'ם פאַראיין און ער האָט, געוויסענמאָס, פאַר־מאָגט פרעסטיזש צווישען זיינע חברים. זיינע רעוואָלוציאָנערע געדאַנ־קען זענען געווען פרידליכע, דיסקרעטע, מעסיגע און זיינע אידעאַלען האָבען אויסערליך, זיך אויסגעדריקט באַמערקבאַר נאָר אין אַ „טשאַמ־בערגאָ" פון ברייטע ראַנדען און אין אַ לויזען שניפּס, וואָס ער האָט גע־

טראָגען, און דאָך פֿלעגט מען גאַנץ אָפֿט אָפּזאָגען איהם צו נעמען אויף ארבייט, איבער זיינע אידעען. איצט איז ער דריי חדשים שוין אומ־געגאַנגען אָהן ארבייט און, האָבענדיג די מוטער קראַנק און פֿארשולדיגט, א סך נאָך פֿון די פֿאָריגע גרויסע הפסקות אין דער ארבייט, האָט ער זיך געפֿונען אין אַן אומדערטרעגליכען מצב. חוץ דעם איז עס געווען אין די יאָהרען פֿון קריזיס, די טראַגישע יאָהרען פֿון ארבייטסלאָזיגקייט!

---

איינמאָל, זונטאג בייטאָג, זענען זיי אָרוים שפּאַצירען, און געהענ־דיג אזוי, זענען זיי געקומען ביז דער פֿלאָסאַ בראָוון. עס איז געווען אַן אָרימע פֿלאָסע, מיט א גרויסען לעדיגען שטח, וואָס איז באַדעקט געווען מיט גראָז נאָר ביי די ראַנדען און וואָס האָט פֿארמאָגט זעהר ווייניג בוימער. דורך דעם חלל צווישען איינציגע צווייגען, האָט מען פֿונווייטענס און זעהר מטושטש ארויסגעזעהן דעם איבערשיף־פֿאַראָם סאַענס פּעניאַ, אַן איינפֿאַכער און שעהנער אין ליין אויסזעהן. אַן אומענדליכער שוויי־גען האָט עפּעס ווי דורכזיכטיג־דין אָנגעפֿולט דעם גאַנצען רוים פֿון דער פֿלאָסע אין יענער מעלאַנכאָלישער שעה. עס איז פֿארביי־געגאַנגען א מיי־דעל געקליידעט גרין. איינציגע ארבייטער זענען דורכגעגאַנגען פֿארביי זיי. דורך א זייטיגער גאַס זענען דורכגעפֿאָהרען לאַנגזאַם, עטליכע וועגענער, געפֿיהרט פֿון פֿארמאַטערטע פֿערד. און שפּעטער איז מעהר קיינער נישט פֿארבייגעגאַנגען.

זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט אויף א באַנק און געשמועסט. לאַנג און פֿארטרויליך האָבען די דאָזיגע טרויעריגע חתן־כלה געשמועסט צווי־שען זיך. אויף די איבערגע׳חזר׳טע פֿראַגעס פֿון איהר חתן, וואָס האָט איהר געזעהן פֿארזאָרגט און טרויעריג, האָט ראָסאַלינדאַ, אָננעמענדיג זיך מיט כח, סוף כל סוף דערצעהלט איהם פֿון איהר אומגליק. זי האָט געוואוסט, אַז איסאָורא האָט שוין דערצעהלט דאַניעל׳ן אַלעס; אַליין אָבער, האָט זי קיינמאָל נישט געהאַט קיין מוט צו רעדען א וואָרט מיט איהם וועגען דאָס געשעהענע, וועגען איהר אומגליק, נישט נאָר אויס אויפֿריכטיגקייט, טריישאַפֿט און עהרענהאַפֿטיגקייט — ווארום זי האָט געדענקט, אַז עס איז אומבאַדינגט נויטיג, אַז עס זאָל פֿאַר איהם נישט בלייבען פֿארבאָרגען, פֿארהוילען קיין שום זאַך — נייערט אויך ווייל זי האָט געשפּירט אין זיך א דריקענדיגע הצטרכות אַראָפּצורעדען זיך פֿון

האַרצען, אויסצודערצעהלען פאַר איהם, איינציייטיג מיט איהרע פאַרגאַנ־גענע ליידען, אויך איהרע איצטיגע נייע זאָרגעניִשען.

— איין זאַך פאַרשטעה איך נישט — האָט דאַניעל געזאָגט, נאָכ־דעם ווי ראָסאַלינדאַ האָט פאַר איהם אויסדערצעהלט אַלעס, וואָס איז געשעהן — ווי אַזוי האָט ער געקענט טון מיט דיר אַלעס, וואָס ער האָט געוואָלט, וויבאַלד עס איז נישט געווען מיט דיין ווילען.

— אָט, אָט דאָס דאָזיגע ווייס איך אויך נישט! איך פאַרשטעה עס אַליין אויך נישט... עס איז עפּעס אַזוי מאָדנע! אַזוי מערקווירדיג אומפאַרשטענדליך... איך טראַכט, צומאָלס, צי איז עס נישט אַ מין כישוף, וואָס איך האָב געשפּירט... אפשר האָט מען מיר, אין געהיים, עפּעס אָפּגעטון... בייז פאַרצויבערט מיך מיט עפּעס וואָס, איך ווייס?...

אין זיין צופעליגען און אומבאַהעפטיגטען לייענען, וואָס ער האָט נישט אַלעמאָל און נישט גאָר אינגאַנצען גרינטליך פאַרשטאַנען, האָט דאַניעל פאַרטי זיך אָנגעשטויסען מעהר ווי איינמאָל אויף אַזעלכע ענינים, וואו עס איז גערעדט געוואָרען וועגען סוגעסטיע, באַווירקונג און אַנדערע פּסיכישע דערשיינונגען און אויסדרוקען; הערענדיג איצט ראָסאַלינדאַ׳ן דערצעהלען וועגען איהר אומגליק, איז איהם דורך דער געדאַנק, אַז דאָס האַנדעלט זיך מסתמא וועגען דעם, אָדער וועגען אַן עהנליכער דערשיי־נונג. ער האָט אָבער זיין כלה גאָרנישט געזאָגט וועגען דעם. און טראַכ־טענדיג צו באַראַטען זיך וועגען דעם ענין מיט אַ מעדיציִנער, האָט ער איהר געבעטען זי זאָל איהם איבערגעבען מעהר פּרטים וועגען דעם.

— איך ווייס נישט... איך ווייס אַליין נישט... דאַניעל. און חוץ דעם געדענק איך כמעט נישט, וואָס מיט מיר איז דאַן געשעהן. וואָס איך קען דיר איצט נאָר זאָגען איז, אַז ווען ער האָט געקוקט אויף מיר, האָבען זיינע שוואַרצע אויגען געבליאַסקעט, ווי מיט אַ פייער גע־ברענט, און געשניטען מיר, און אריינגעדרונגען אין מיר אינעווייניג ביז דער נשמה... און ס׳אַרא מורא זיי האָבען אויף מיר אָנגעוואָרפען... עס איז אַ מאָדנע, אַן אומפאַרשטענדליכע זאַך... איך בין געבליבען ווי פאַר־חושט, ווי תמ׳עוואַטע, גלייך ווי ווען מען וואָלט מיר דערלאַנגט פּלוצים אַ שטאַרקען קלאַפּ אין קאָפּ. און איך האָב אויך געשפּירט עפּעס אַזעל־בעס, גלייך איך וואָלט אָנגעוואוירען, פאַרלוירען מיין קאָפּ, גלייך מיין

## אין א פאַרשטאָדט

קאָפּ וואָלט אַוועק ערגיץ־וואו ווייט פונ׳ם קערפּער, ערגיץ כ׳ווייס אַליין נישט וואו... אין געוויסע פאַלן האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב געטראַכט פון זאַכן, וואָס איך האָב נישט געוואָלט טראַכטען... און איך האָב אַפּילו געדענקט און געגלויבט, אַז דאָס זענען געווען זיינע געדאַנקען און ער האָט זיי געלאָזט אַריבערגעהן פון זיין קאָפּ אין מיינעם, אַריינדרינגענדיג, אפשר, אין מיין מאַרך דורך די אויגען... איך ווייס נישט... כ׳זאָג דיר, אַז צייטענווייז פאַלט מיר איין, אַז כ׳בין געווען קראַנק...

א לאַנגע צייט זענען זיי געזעסען שווייגענדיג;ביידע שטיל געווען. ראָסאַלינדאַ האָט שטיל געוויינט. דאַניעל האָט איהר צוגעצויגען צו זיך און האָט איהר אַ קוש געטון אין שטערען.

— זאָג מיר, דאַניעל... און טראַץ דאָס אַלעס, וואָס דו ווייסט, וועסטו מיר אַלץ ליב האָבען און... שטענדיג?

— יאָ. איצט האָב איך דיך ליב שטאַרקער נאָך, ווי תמיד...

— דו וועסט נישט אויפהערען צו אַכטען מיר דערפאַר...

— דו ביסט דאָך נישט שולדיג פאַר דעם; האָסט נישט די מינדסטע שולד... ביסט דאָך נישט פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם...

דאַניעל האָט איהר אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זייערע מיילער האָבען זיך דעם ערשטען מאָל צוזאַמענבאַהעפט אין אַ לאַנגען הייסען קוש, וואָס האָט געמאַכט אויפציטערען זייערע וועזענס.

— און... אַלזאָ... וואָס דו האָסט מיר אָנומעלט געזאָגט, ווען וועט עס געשעהן? — האָט ראָסאַלינדאַ אַ פרעג געטון מיט אַ געוויסען אָפּקלאַנג פון צעגערונג, פון צוריקגעהאַלטענקייט אין איהר קול.

זי האָט פאַרשטאַנען ווי נישט קלוג, ווי נישט נאַטירליך עס איז פאַר איהר, וואָס זי רעדט מיט איהר חתן וועגען חתונה האָבען. זי האָט עס אָבער, געטון אויס מורא פאַר׳ן טשינאָ, טראַכטענדיג, אַז יעדען טאָג קען ער ווידער קומען אין הויז, אָט דער דאָזיגער מ א ל ע ו ו אָ, אין וועמען זי האָט געזעהן עפּעס ווי אַ מין איבערנאַטירליך וועזען.

— מיר זאָלען חתונה האָבען, מיינסטו? — האָט דאַניעל איבערגעפרעגט מיט אַ טאָן פון געוויסער דערשטוינונג — ווי נאָר איך וועל געפינען אַרבייט. איך בין איצט אַזוי פאַראַרימט... די אַלטע איז קראַנק זעהר קראַנק... און איך בין פאַרבאָרגען אין חובות איבערן האַלדז...

זיי האָבען זיך צעזעגענט. לינדאַ איז געווען צופרידען, הגם די דאָ־

זיגע שווערינקייט די אוממעגליכקייט צו חתונה האָבען איצט האָט איהר באַאומרוהיגט. זי האָט געגאַרט מיט איהר גאַנצען ווילען און באַוואוסט־זיין אוועקצוגעהן, ווי מעגליך גיכער פון דער קאָנוועגטיזשאָ, וואו איהר שטיף־מאַמע האָט געוואוינט. איהר פאָטער — דאָס איינציגע, וואָס האָט איהר ביז דאַן אָפּגעהאַלטען פון אוועקגעהן פון יענעם צימער — איז שוין גאָר קיין מענש נישט געווען. ער האָט געלעבט, אָבער ער איז שוין געווען כמעט אינגאַנצען אידיאָטיזירט און פלעג אָפּט רעדען פון זינען. זיין אידיאָטיזירטקייט האָט דערגרייכט שוין צו אַזאַ מדרגה, אַז אין די לעצטע נאַציאָנאַלע פעסטען — די איינציגע טעג, ווען דער אומגליקלי־כער אַלטער פלעגט אַביסעל קומען צו זיך, און אָנטוענדיג זיך דאַן אין זיין אַלטען מונדיר פון אַ סאָלדאַט, וואָס האָט אנטיילגענומען אין דער פאַראַגוואַיער מלחמה, פלעגט ער זיך דערשפּירען יונגער, פלעגט זיך פּיה־לען ווי אַ באַריהמטער העלד, וועמען לייט פלעגען באַגריסען און אַפּלאָ־דירען — האָט ער נישט געקענט שוין אויפשטעהן מעהר פון זיין גע־לעגער, צו וועלכען ער איז שוין איצט געווען אינגאַנצען ווי צוגעשמידט און האָט זיך נישט באַטייליגט אין די פייערליכע פּראָצעסיעס פון די אַלטע געוועזענע סאָלדאַטען אין פאַראַגוואַי.

און צו דעם אַלעמען זענען צוגעקומען די בלוטיגע באַליידיגונ־גען און ערנידעריגונגען, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטעהן פון דער שטיפמוטער און וואָס זענען געוואָרען וואָס ווייטער אַלץ מעהר אמדערטרעגליכער פאַר לינדאַ׳ן. טוענדיג אַן ארבייט, וואָס זי האָט, מיט געוויסע הפסקות געטון איהר גאַנץ לעבען, האָט די דאָזיגע פאַרברעכע־רישע סערדעכע, עטליכע מאָל געמאַכט איהר פאַרשלאָגען, אַז זי זאָל מסכים זיין צו אויפנעמען אַ צוזאַמענקום מיט אַ הער, פונ׳ם קרייז פון איהרע פריינט. און אַז ראָסאַלינדאַ פלעגט אויף דעם גאָרניט ענטפערען, אָדער זי פלעגט איהר, באַליידיגט און אַנטריסטעט, קאַטעגאָריש אָפּענטפערען אויף נישט, האָט איהר סאַטורנינאַ באַשאָטען פון קאָפּ ביז די פיס מיט די געמיינסטע, מיט די נידעריגסטע זידלערייען און באַליידיגונגען. שרייענ־דיג מיט קולי־קולות, און אומיסטען, כדי אַלע שכנים פון דעם צימערען־הויף זאָלען הערען, פלעגט די דאָזיגע טעלעמעצעכע איהר אָנרופען מיט די ערגסטע נעמען, „אויסגעלאַסענע“, שליוכע, זונה, זענען געווען די גע־

## אין אַ פּאַרשטאָדט

וועהנליכע אויסדרוקען, מיט וועלכער זי פלעגט איהר, אין אַזעלכע פאַ־לען, באוואַרפען; און שרייענדיג אַזוי פלעגט זי בכיון לאָזען פאַלען דעם איינדרוק, אַז ראָסאַלינדאַ איז פאַרטי'ס געליבטע — זיין „מינאַ", ווי זי פלעגט זיך אויסדריקען — און אַז דאַניעל לעבט פון דעם, וואָס דאָס מיידעל פאַרדינט, פאַרקויפענדיג זיך.

דאָס האָט אָבער נישט אַזוי פיל געאַרט ראָסאַלינדאַ'ן, ווי די מורא, טאָמער קומט צוריק דער טשינאָ. זי האָט געוואוסט, אַז ער איז פאַר־משפּט געוואָרען צו דריי יאָהר מיט עטליכע חדשים תפיסה פאַר אריינ־ברעכען זיך אין אַ הויז מיט דער דעה צו גנב'ענען דאָרטען. די דריי יאָהר זענען שוין אַוועק. און עס וועט שוין מסתמא לאַנג נישט דויערען ביז ער וועט צוריקקומען, ווען ער וועט באַפרייט ווערען פון תפיסה.

שוין עטליכע וואָכען, אַז זי איז שטאַרק באַהערשט געווען פון דער דאָזיגער זאָרג. טראַכטענדיג מיט מורא פון דעם, האָט זי זיך אַזש גע־שפירט קראַנק. זי האָט אַ סך נעכט מיט אַן אויג נישט צוגעמאַכט, טראַכטענדיג און פאַרשטעלענדיג זיך, אַז אָט קומט אריין דער דאָזיגער שרעקליכער פאַרשוין. עס האָט זיך איהר אויסגעדאַכט, אַז אָט, אָט קומט ער אריין אין צימער און הויבט אָן קוקען אויף איהר אַזוי, אַז מיט זיינע בליקען וואַרפט ער אָן אויף איהר אַ פּחד, פרעסט אויף איהר ווילען, באַ־זיגט זי, באַהערשט איהר, צווינגט איהר איבער געוואַלט צו זיין מיט איהם, באַמאַנט איהר און נעמט איהר אַוועק מיט זיך צו וואוינען מיט איהם. דאָס איז געווען פאַר איהר אַ שרעקליכער געדאַנק, אַ שרעקלי־כער אומבּרחמנות'דיגער קאָשמאַר, וואָס האָט איהר אומאויפהערענדיג געפּלאָגט.

---

איינמאָל, אין אַ נאָוועמבּער־פאַרנאַכט, נאָכ'ן אַרויסגעהן פון דעם פריגאָריפיקאָ, האָבען זיי זיך געטראָפען אין וואָועלטאַ דע ראָטשאַ, וואו זיי האָבען אָנגערעדט צו באַגעגענען זיך. די שטונדע איז געווען אַ קלאָהרע, אַ לויטערע, אַ האַרמאָנישע, אַ באַרוהיגענדיגע; דער געוועהנליכער וואַלד פון זעגעל־בוימער, וואָס איז פאַראַן אין יענעם ווינקעל־אָפּגויג פון דעם ריאַטשועלאָ, האָט אין דער שטילער, זאַנפטער שטונדע פון דער פריה־לינג־שקיעה, אויסגעזעהן מעהר פאַנטאַסטיש ווי שטענדיג. ביים סאַמע אָנהויב פון דער וואָועלטאַ, האָט געגלאַנצט, אין גאַנצען איינגעטונקען

## מאַנועל גאַלוועס

אין דער פאַרגעהענדיגער זון, דער הויכער און לאַנגער באָרט פון אַ שיף: פון דעם פייער פון דער זון איז די שיף אינגאַנצען רויט געוועזן און זי האָט געפאַרבט דאָס וואַסער מיט אַ רויטליכען אויפטרייסעל און וויגעניש.

— איך האָב פאַר דיר אַ גאָר געהויבענע בשורה, לינדאַ! — האָט דאַניעל אויסגעשריען — איך בין אַריין אַרבייטען ביי אַ גאָר וויכטיגער געביידע, וואָס בויעט זיך נעבען קאָנסטיטוציאָן.

און בעת זיי האָבען שוין געהאַלטען אין געהן, האָט דאַניעל איהר דערצעהלט די פּרטים פון דער אַרבייט, ביי וועלכער ער איז באַשעפטיגט.

זי האָט געוואָלט, אַז ווענען אַזאַ שעהנער בשורה זאָלען זיי רעדען מיט מעהר רוהיגקייט און באַזאָכטקייט, מעהר אַליין און זי איז מיט איהם געגאַנגען דורך דער גאַס גאַריבאַלדי, געווינענדיג דורך דעם וועג צו דער פּלאַסע בראַוון. די גאַס גאַריבאַלדי איז דאָס האַרץ פון באָקאַ, פון דער אַלטער באָקאַ מיט די שטיבלאַך פון בלעך און פון ברעטער און פון דאָס רעדען אין געגועזישען אויסשפּראַך. אַ גאַנצע מחנה, אַ וועלט אַ גאַנצע, מיט קליינוואַרג, מיט פּיצלאַך קינדער, דאַרטיגע און פון די דערבייאיגע גאַסען, האָבען געווימעלט אין גאַס און זיי האָבען צעשטרייעט דאָס געהענדיגע פאַרליבט פּאַרעל. איבער די רעלסען פון דער אייזענבאַהן־ליניע, וואָס ציהען זיך איבער יענער גאַס, איז דורכגעגאַנגען אַ צוג, עטעמענדיג געדיכט מיט רויך, מיט וועלכען ער האָט באַשפּיגען די גאַס.

אַז זיי זענען צוגעקומען צו דער פּלאַסע, האָט לינדאַ אַ זאָג געטון:

— נו, און איצט, דאַניעל?

— מען דאַרף נאָך וואַרטען... כ׳האָב אַזוי פיל חובות! פאַרשולדיגט...

ראָסאַלינדאַ האָט אויפגעשווידערט.

— אָבער, זייט נישט באַ׳צער׳ט. זאָרג ניט. האָסט מורא פאַר עפּעס, וואָס?

— דו ווייסט דאָך אַליין...

— פאַר וואָס? פאַר וועלכעס? אַז ער זאָל נישט אָנקומען?

און נישט האָבענדיג באַמערקט די פּלוצימדיגע און טיפע דערשלאָגענקייט, אין וועלכער די ווערטער האָבען אַריינגעוואָרפען זיין כּלה,

## אין א פארשטאָדט

האָט דאַניעל צוגעגעבן:

— איך בין זיך משער, אָבער, אַז איצט... וויסענדיג שוין... וועסטו נישט דערלויבען, אַז ער...

דאָס מיידעל האָט זיך צעוויינט. דאַניעל האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זי מיט זיינע לעצטע ווערטער באַליידיגט און ער האָט איהר גע־בעטען אַנטשולדיגונג.

— איך ווייס, אַז דו ביסט נישט שולדיג... איך ווייס, לינדאַ... דו ביסט דען פאַר דעם פאַראַנטוואָרטליך? דו דאַרפסט אָבער נישט מורא האָבען... איצט וועט דער טשינגאַ גאָרנישט טון, ווייל ער וועט מיט מיר זיך דאַרפען טרעפען... אָבער ווייַן נישט!... כ׳בעט דיך... עס וועט נישט דויערען לאַנג... מיר נאָך אינגיכען חתונה האָבען... און מירן זיין זעהר און זעהר גליקליך.

---

זיי זענען געגאַנגען אַראָפּצו, מיט דער גאַס אירלאַ ביז׳ן ריאַ־טשועלאַ. עס האָט אָנגעהויבען צו ווערען נאַכט. אין יענעם אָרט, איז אירלאַ געווען אַ גאַס אַ שוואַרצע, אַ פּאַרוויסטע. הינטער אַ וואַנט ליגען אָנגעוואַלגערט אין אַ הויכער קופּע, באַלקענס און קלעצער, איבער וועל־כע עס פאַלען צו דער גאַס אַרוים־צו, בלייכע און פאַרשמאַכטע צווייגען פון בוימער, וועמעס שטאַמען מען האָט נישט געזעהן. די ערד איז שוואַרץ פונ׳ם שטויב פון שטיינקוילען און אַלע ווענט איינגאַנצען, און שוואַרץ איז די לופט, און נאָך שוואַרצער פון אַלעם איז ראַסאַלינדאַ׳ס קומער און טרויערקייט.

אין דעם גרונט פון דער גאַס, ווי פאַרשלייסענדיג זי, ווי איבער־ראַשענדיג זי, איז אַרויסגעשוואומען דער געבוי פון אַ גרויסער שיף פון עבאַן־קאַליר; און ווי אַ זעלטענער קאָנטראַסט — אַ ליכט פון האָפנונג איבער אַזאַ אימה׳דיגער פאַרוויסטקייט, עלענט און פינסטערניש — האָ־בען איהרע זעקס מאַסטען, צעשפּענט אין אַ פאָכער, אויסגעזעהן ווי אָנגעצונדענע און רויטליכע אין דער ליכט פון דער זון, וואָס האָט גע־האַלטען אין שטאַרבען אין אַ הערליכער שקיעה, דאָרטען ערגיץ־וואו ווייט אַרום פּוענטע אַלסינאַ...

## פינפטער קאַפּיטעל

עס זענען אָנגעקומען די קאַרנאַוואַל־טעג. פאַר ראָסאַלינדאַ'ן זענען עס געווען טעג פון טרויער, ווייל דאַניעל'ס מוטער איז געוואָרען גע־פעהרליך קראַנק. אין זייער קוואַרטאַל איז געווען איינגעאָרדענט אַ „קאָרסאָ“ און אין גאַס זענען פאַרבייגעגאַנגען הין־און־צוריק פאַרמאַס־קירטע און גרופּעס פאַרשטעלטע; די מיידלאַך פון דער קאָנווענטיזשאָ האָבען פאַרוויילט אויף די בעלער אין די פאַרוויילונגס־געזעלשאַפטען: סאַטורנינאַ אַפילו האָט זיך אויך פאַרקליידט אויף אַ לעכערליך־העסליכען אופן — פאַנטאַזיע־מאַסקע האָט עס געהייסען — דאָס פּנים האָט זי גראָב אָנגעוואַלקעוועט מיט פּראָסטע פודער און איז אַוועק שפּאַצירען מיט עפּעס אַ פאַרשוין, וועגען וועלכען מען האָט געזאָגט, אַז ער איז איהר געליבטער.

איינמאָל, פאַרנאַכט־צייט, האָט דאַניעל גערופען ראָסאַלינדאַ'ן צו זיך אַהיים, וואו ער האָט געוואוינט מיט זיין מוטער; ער האָט געוואָלט, אַז זיין מוטער זאָל זי קענען און פאַרברענגען מיט איהר. די קראַנקע איז געווען העכסט צופרידען צו קענען ראָסאַלינדאַ'ן; זי איז געווען ממש אין זיבעטען הימעל פון צופרידענקייט, וואָס איהר זוהן האָט אַזאַ גוטע און אַזאַ שעהנע כלה. און אויף ראָסאַלינדאַ'ן האָט אויך געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק יענער צימער, וואו איהר חתן'ס היים איז געווען: דאָ איז אַלעס געווען ריין, ציכטיג, גוט, אַנגענעהם, אין אָרדנונג, אַלעס ווייך, מיט צערטליכקייט, פונקט דער היפוך פון דעם, וואָס ביי איהר אין דער היים, וואו אויף יעדען טריט און שריט איז געווען שמוציג, העסליך, אָנגעוואָרפען, פאַרדאַרבענקייט, האָס, אומאָרדנונג, אָפּשייליכ־קייט. אָה, ווי גליקליך וואָלט זי זיך געפיהלט, ווען זי זאָל קענען פאַר־

## אין א פאַרשטאָדט

לאָזען יענעם גהינום־צימער פון איהר שטיפמאַמע סאַטורנינאַ און אַריינ־קומען אין אַט דער היים, וועלכע איז אַזוי סימפּאַטיש און זעהט אויס אַזוי אַנשטענדיג, אַזוי פיין! ווען וועט עס אָבער, שוין געשעהן? און צי וועט עס, בכלל, געשעהן אַמאָל?

איינמאָל ביינאַכט, ערב דער אַכטער קאַרנאַוואַל־נאַכט, זענען אַריינ־קומען אין דער קאָנוועַנטיזשאַ עטליכע פאַרשטעלטע. צווישען די אַריינ־געקומענע איז געווען איינער פאַרמאַסקירט ווי אַ גאַאוטש, וואָס האָט גע־שפּילט אויף אַ גיטאַרע און אַ צווייטער, וואָס האָט געשפּילט אויף אַן אַקאָרדעאָן. אַלע איינוואוינער פון דער קאָנוועַנטיזשאַ זענען אַרויס דרויסען, אין דעם לאַנגען הויף, אין וועלכען עס קומען אַרויס די טירען פון די צימערען. עס זענען געווען אינ׳ם הויף אַ צעהן פּרויען, צווישען חתונה־געהאַטע און אומפאַרהייראַטע. און תיכף איז איינגעאָר־דענט געוואָרען אַ באַילע.

לינדאַ איז געשטאַנען אויף דער טיר פונ׳ם צימער, וואו זיי האָבען געוואוינט און געקוקט אין הויף אַריין אויף די טאַנצענדיגע. זי האָט נישט געוואָלט טאַנצען, זייענדיג אַ כלה, אַ פאַרליבטע און אַזוי פאַר־פולט מיט פיין און טרויער. זי האָט בעת מעשה געטראַכט וועגען דאַ־ניעל׳ן און זיין מוטער, די קראַנקע, הגם איהר איז, לעצטענס, עטוואָס בעסער געוואָרען.

דערווייל האָבען אָנגעהויבען פון דער גיטאַרע און פון דער האַרמאָ־ניע אַרויסצושווימען די „קאָמפּאַדרישע“ טענער פון אַ „טאַנגאָ“. עס איז געווען אַ סענסועלע, חוצפה׳דיגע מוזיק, אַ מוזיק פון פאַרברעכער פון קאַנאַליע, אַ הינטער׳ן־שטאָדט מוזיק, אַ געמיש פון געמיינקיי־טען, נידערטרעכטיגקייט און חוצפה׳דיגקייט, אַ געמיש פון שקצעוואַטע פרעכהייט און אומפאַרצוימטע תאווה׳דיגקייט; אַ געמיש פון נאָגענדי־גער, דורות־אַלטער טרויעריגקייט און שמוציגע הפקר׳דיגע פרעהליכקייט פון באַרדאַק; אַ מוזיק, וואָס האָט גערעדט אין דעם טונקעלען זשאַרגאָן פון דער אונטערוועלט און פון די תפיסות און וואָס האָט אַרויסגערופען אין געדאַנק סצענעס פון פאַרברעכעריש לעבען, און אַן אומגעבונג פונ׳ם אָפּזאַץ פון דער שטאָדט, וואו עס וואוינען שאָטענס פון פאַרברעכען. די מעלאָדיע איז געווען פון אומגלייכע מוזיקאַלישע ליניעס, אַט פאַראיי־ניגט און אַט אָפּגעהאַקטע, אָפּגעשניטענע, גראַדליניגע, ווי מיט אַמאָל

קרומע און פארדרעהטע. אט איז זי, די מעלאדיע, געווארען שטייף, שטרענג און מיט אמאל, תיכף, אפגעבראכען. אין געוויסע מאמענטען איז די מעלאדיע געווען א יאגענדיגע, א מיט אימפעט לויפענדיגע און שלאגענדיגע, און מיט אמאל האט זי זיך איבערגעריסען, אפגעצייכענט ריטמישע קלעפ, איבעררייסענדיג זיך מיט אמאל, כדי צו דורכגליטשען זיך סוף כל סוף, אומבאמערקט ווי אין דער פינסטער.

און ביים צויבער פון אט דער מוזיק, וואס האט פארוויגט איינדרעמלענדיג און צעטומלענדיג, באאומרוהיגענדיג און ווי פארטעמפענדיג איינצייטיג; און ביי איהר באטעמטקייט, וואס האט פאר׳שיכורט, פארנעבעלט דעם קאפ ווי שטארקער און געדיכטער וויין, וואס האט פארשיכורט אלע חושים, האט דער גאנצער הויף געטאנצט. די פארלאך האבען זיך באוואויגען מיט א שווערער לאנגזאמקייט. זיי האבען זיך ארופגעזעצט, געדרעהט זיך, פארקרומט זיך צו איין זייט צו און דערנאך צו דער צווייטער, און תיכף זענען זיי ווידער געגאנגען שטייף, גלייך, גראדיג און טראציק, אין דעם טראט פון׳ם טאנץ; און ווידער אויף א מאמענט שטעהן געבליבען, כדי א הוידע צו טון זיך אין דער ריכטונג פאראויס, אין דער ריכטונג אהינטעראויס, אין גראטעסק־סילועטען, יעדער מאנספארשוין ווי צוגעקלעפט צו זיין מיטטענצערקע : זיי, די פרויען — ערנסטע, אנגעצויגענע, מיט אנשטעל פון טראציגקייט, די וויהעם פון די אויגען האלב־ארופגעלאזט איבער די כמעט צוגעשלאסענע אויגען־דעקלאך און יענע, די מענער, — מיט פינסטערע, גרוילהאפטע בליקען, וואס פינקלען פון אונטער די „טשאמבערגאס“ פון ברייטע ראנדען און וואס זענען אנגערוקט ביז איבער די אויגען

לינדא האט געקוקט אויף איינינגע טאנצענדיגע פארלאך און האט געשמייכעלט; זי האט געקוקט אויף סאטורנינא׳ן, וואס האט געטאנצט ארומגענומען פון א „גראף“, וועלכער איז פול געווען מיט פעדערען; זי האט געקוקט אויף דער „ענקארגאדעכע“ פון דעם צימערען־הויף, א דיקע גענועזערין, א רונדע, ווי א פילקע, וואס האט זיך געהוידעט, געשאקעלט און גענוידערט מיט איהר רונדקייט, אין די ארימס פון א שרעקליכען גרוילאנווארפענדיגען מארעירא; זי האט געקוקט און געשמייכעלט קוקענדיג אויף די אויסטערליש אויסזעהענדיגע פארלאך — און פלוצים איז זי געבליבען ווי א פארשטיינערטע, א פאוגליווערטע : פונקט גענענאי־

בער דעם אָרט, וואו זי איז געשטאַנען, האָט זיך באַוויזען דער משינאַ. ער איז איצט געווען מעהר מענעריש אויפ'ן אויסזעהן; עלטער עטוואָס און מיט א שראַם אויף דעם קין. לינדאַ האָט דערפיהלט די אויגען פון דעם פאַרברעכער, ווי זיי דרינגען איהר דורך און דורך און מיט אַמאָל זענען פאַרשוואונדען געוואָרען די פאַרגאַנגענע חדשים, די שעהנע דער־אינערונגען, איהר ליבע, איהרע טרוימען, איהרע אילוזיעס — אַלעס איז פאַרשוואונדען געוואָרען פון איהר זכרון. זי האָט פאַרגעסען לחלוטין אין אַלעס. און זי האָט נישט געהאַט מעהר קיין באַוואוסטזיין פאַר קיין אַנ־דער זאַך, ווי נאָר: אַז דער דאָזיגער פאַרשוין האָט איהר געהאַט באַזע־סען, האָט איהר פאַר זיין ווייב געמאַכט, אַז ער באַהערשט איהר, באַ־פעהלט איבער איהר און אַז זי קען אַנדערש נישט, ווי נאָר פאָלגען איהם, זיין איהם געהאָרכזאַם. ארומגענומען, איינגעוויקעלט כמעט, אין די אָרימס פונ'ם משינאַ, האָט זי זיך געלאָזט אַרויספיהרען אין מיטען הויף און זי האָט געטאַנצט און געטאַנצט א לאַנגע צייט, געטאַנצט מעכאַניש, ווי אַן אויטאָמאַט, אַליין נישט וויסענדיג וואָס זי טוט, נישט צו וואָס זי טוט עס.

---

דער מאַלעוואָ איז דאָרטען נישט געבליבען שלאָפען. ער האָט א ווייַלע גערעדט מיט סאַטורנינאַ'ן און איז אַוועקגעגאַנגען. לינדאַ האָט פאַרבראַכט די גאַנצע נאַכט א וואַכע; עס איז געווען פאַר איהר א נאַכט פון שרעק, פון פיבערהאַפטיגקייט, פון האַלוציאַנאַציעס. יעדער ווייַלע איז זי אויפגעשפּרונגען א דערשראָקענע, מיינענדיג, אַז אָט, אָט געהט אַריין דער משינאַ; יעדער ווייַלע פלעגט זיך איהר אויסווייזען, אַז אָט קומט ער אַריין און וואַרפט זיך אויף איהר. און, הפּנים, כדי איהר אַנגסט זאָל נאָך ערגער, גרעסער ווערען, האָט דער אַלטער באַקומען א מורא'דיג שטאַרקע אַטאַקע; מיט אומפאַרשטענדליכע, אומקלאָהרע זשעסטען און מיט א צעמישטער און טעמפּ־הייזעריגער שיכור'ער שטימע, האָט אַנטע־נאָר גערעדט אומפאַרשטענדליך, געפּלאַשטשעט מיט דער צונג, ווענען עפּעס א שוואַרצען הונט, וואָס האָט צוויי אָנגעצונדענע קוילען אין די אויגען; ער האָט גערעדט וועגען שלענג און עקדישען פליהענדיגע און ברענענדיגע; ער האָט געפּלאַפּלט, אַז א קויל פון א קאַנאָן האָט איהם פאַרוואונדעט, בעת ער האָט געקעמפּט אין דער שלאַכט ביי קורופאַיטי.

אַז אַ ווייסטע גיפטיגע האַדיוקע האָט זיך איהם איינגעקרעמפט אין דעם האַלדז־נאַקען און שטיקט איהם און וואַרגט איהם אין דער זעלבער צייט, וואָס פונ׳ם בויך פון דער גרויסער האַדיוקע, קריכט אַרויס אַ גאַנצע מחנה, גאַנצע הויפענס מיט קליינע שלאַנגען און האַדיוקעס. דערנאָך האָט ער ווידער געזעהן דעם גרויסען שוואַרצען הונט קומען צוריק, אויפ־פרעסען אַלע שלענג און האַדיוקעס און אַרויפקלעטערען צו איהם אויפ׳ן שער־בעטל.

— אַפוערא! אַרויס! פאַרטרייבט איהם! טויט איהם! — האָט געשריען דער אומגליקליכער נישט מיט זיין קול, אַראָפּוואַרפענדיג פון זיך די צודעקען, דאָס אָרימע שמאַטעדיגע בעטגעוואַנט, פאַרטיידיגענ־דיג זיך, קוקענדיג אין דער ריכטונג צו דער טיר מיט אויגען פולע פון אימה און גרויל, פאַרדרעהענדיג דאָס מויל און קנאַקענדיג און דרעהענ־דיג די פינגער פון די הענט — טויט־זשע איהם שוין! דער׳הרגעט איהם, דעם שוואַרצען הונט! קוקט! איהר זעהט דען נישט, אַז ער איז דער מאַנדינגאַ אַליין, דער שוואַרצער טייוועל! טויט איהם! זייט נישט אַזעלכע שלעכטע!

---

לינדאַ האָט קוים טאָג דערלעבט. ווי נאָר זי האָט דערזעהן דאָס שאַריען פונ׳ם פריהמאָרגען, איז זי אַוועק אין הויז פון דאַניעל פאַרטי. איהר חתן׳ס מוטער איז געווען אין אַ געפעהרליכען צושטאַנד. דערזעהענ־דיג זיך שוין אין גאַס, אין לינדאַ געקומען אַביסעל צו זיך. האָט זיך באַ־דענקט און געוואָרען עטוואָס מוטיגער. זי האָט אַלעם דערצעהלט דאַ־ניעל׳ן. דאַניעל האָט אָבער, מורא געהאַט, אַז דער טשינאַ איז ווידער געווען מיט איהר די נאַכט און אַז זי האָט עס איהם נישט געוואָלט דער־צעהלען; און דאָס דאָזיגע האָט איהם שטאַרק אַנטמוטיגט און האָט ביי איהם אַרויסגערופען אַן אומבאַזיגבאַרען אומצוטרוי.

לינדאַ האָט נישט געוואָלט געהן צוריק אַהיים און זי האָט דעם גאַנצען טאָג פאַרבראַכט נעבען דעם קראַנקען בעט פון דאַניעל׳ס מוטער. זי האָט אָבער דאָרטען נישט געקענט פאַרבלייבען. דאַניעל האָט איהר אָנגעגעבען פאַר דעם טויזענטער תירוצים און מאָטיוועז. ער האָט איהר געבעטען, אַז זי זאָל אָפּוואַרטען נאָך אַ צוויי־דריי טעג, וואָרום זיין מו־טער וועט מעהר נישט ציהען, אין דעם גסיסה־צושטאַנד, וואָס זי גע־

פינט זיך.

— און טאָמער קומט ער, יענער מאַן, צוריק אין הויז?

— ער וועט, מסתמא, נישט קומען. אויב ער איז נעכטיגע נאַכט נישט געבליבען, איז עס מסתמא דערפאַר, וואָס ער גרייט צו עפּעס אַ נייעם „קלאַפּ“.

דאַן האָט לינדאַ באַשלאָסען, סיי ווי סיי אַוועק פון הויז און געפינען פאַר זיך אַ פּלאַץ, וואו עס זאָל נישט זיין. זי וועט דינגען אַ ציי־מערל וואו עס וועט זיך לאָזען און וועט וואוינען אַליין, ביז וואַנען דאַ־ניעל וועט מסכים זיין חתונה צו האָבען. און זי איז אַוועק אַהיים, אָבער מיט דער איינציגער און אַנטשלאָסענער אַבזיכט צו געזעגענען זיך מיט איהר פאָטער, געבען איהם דעם לעצטען קוש און מיטנעמען מיט זיך אַ פּעקעלע וועש און איינינע זאַכען איהרע.

איידער זי איז אַריין אין הויף, האָט זי געבעטען אַ קינד פון דאָר־טען, ער זאָל אַריינגעהן אין צימער אַ קוק טון, צי איז דאָרטען נישטאָ דער טשינאָ און זי איז געבליבען דרויסען, אין גאַס, וואַרטען. דאָס קינד איז באַלד געקומען צוריק און האָט פאַרזיכערט, אַז דער טשינאָ איז ניש־טאָ. ראָסאַלינדאַ איז אַריין, האָט אַ קוש געטון איהר פאָטער, וועלכער האָט איהר אָנגענומען פאַר אַ האַנט און האָט איהר פאַרהאַלטען אַ פּאָר מינוט. פּאַראויספיהלענדיג אין דער טאָכטערס קושען אַז זי געהט אַוועק. אַז זי אַנטלויפט, האָט אַנטענאָר, וויינענדיג, גע'טענהעט מיט איהר:

— לאָז מיך נישט אַליין, טאָכטער... וואַרט ביז עס וועט זיך ענ־דיגען די דאָזיגע מלחמה... איך קעמף שוין נישט... איך קען שוין מעהר נישט ארויסווייזען קיין ווידערשטאַנד... איך גיב זיך שוין באַלד אונ־טער... איך האָב שוין באַלד קיין פּולווער נישט... וועה איז מיר!...

ראָסאַלינדאַ אָבער האָט נישט געוואָלט בלייבען קיין איין מאָמענט מעהר. זי האָט זיך שטאַרק פאַר'חידושט, ווען זי האָט געטראָפען גרייט איינגעבונדען שוין אין אַ קליין פּעקעל איהרע זאַכען און זי איז שוין געשטאַנען אין אַוועקגעהן, ווען זי האָט זיך אָנגעשלאָגען אויף דער טיר מיט'ן מאַלעוואָ.

— וואוהין געהסטו? איך בין געקומען דיך נעמען.

ראָסאַלינדאַ האָט געפיהלט, אַז פון דער טיפעניש פון איהר נשמה שטייגט ארויף אין איהר צו די ליפּען אַ באַפעהלענדיגע שטימע; און אין אַ

מאָמענט פון דרייסטקייט און קוראַזש, וואָס האָט געדויערט טאָקע נאָר איין אויגענבליק און איז גלייך אויסגעלאָשען, צערונען געוואָרען, האָט זי אויסגעשריען מיט אַ פעסטקייט, וואָס זי אַליין האָט נישט געוואוסט פון וואנען עס האָט זיך צו איהר גענומען:

— ניין!

— וואָס? וואָס רעדסטו?

דער טשינאָ האָט מיט זיין לינקער האַנט אָנגעכאַפּט איהר פאַר'ן קנאָכען פון האַנט און מיט דער רעכטער האָט ער אין דער זעלבער צייט איהר גענומען ווערגען, דריקען פאַר'ן גאָרגעל, פעסט ווי מיט אַ צוואַנג.

— לאָז מיך! לאָז מיך! כ'וויל נישט! — האָט ראָסאַלינדאַ אי־בערגע'חזר'ט עטליכע מאָל מיט אַ פאַרשטיקטען קול, כמעט אַ דער־וואָרגענע.

— ווילסט נישט! טאָ נאַדיר!...

אַ שרעקליכער פליאַסק אין באַק, אין פנים, האָט איהר אויפגע־טרייסעלט, געמאַכט וואַקלען זיך; עס איז איהר פונ'ם פאַטש פינסטער געוואָרען אין די אויגען, זי איז ווי פאַרטומעלט געוואָרען; אינסטינקטיוו האָט זי אויפגעהויבען די הענט, פאַרשטעלענדיג דאָס פנים; און אין דער זעלבער צייט האָט זי דערפיהלט אַ האַסטיגען שטאַרקען שטויס, פון וועל־כען זי איז אומגעפאַלען אויף דער ערד. דער מאַלעוואָ האָט איהר גע־נומען קלאַפּען, שטויסען, טאַפּטשען מיט די פיס, מיט אַ שרעקליכער אכזריות; מיט די אָפּצאַסען פון די פיס האָט ער איהר געשלאָגען אין בויך, אין די היפטען. דער אַלטער, וועלכער איז געזעסען אין געלעגער, האָט גענומען מאַכען מיט די הענט, ווי וועלענדיג אַרויסגראַטשען זיך פון די בעבעכעס פון געלעגער; מיט גרויסע אויסגעשטאַרטע אויגען, פולע מיט אימה, האָט ער מיט זיין הייזעריגער שטימע, אָנגעהויבען שרייען, רופענדיג נאָך הילף. דער טשינאָ האָט זיך אַ וואָרף געטון אויפ'ן קראַנ־קען; אָבער סאַטורנינאַ, וועלכע האָט ביז דאַן רוהיג, מיט אַ שלויער גלייכגילטיגקייט געטרונקען מאַטע, צוקוקענדיג און נישט זעהענדיג כלומרשט די פיינע מעשים פון איהר תכשיט, האָט איצט אַ געשריי גע־טון צום זוהן, מורא האָבענדיג קענטיג, אַז דער מאַלעוואָ זאָל נישט דער־הרגענען דעם קראַנקען אַלטען:

## אין א פאַרשטאָדט

— לאָז איהם, זוהן מיינער! געה דיר פון דאנען. נעם דיר דיין ווייב און געה דיר מיט איהר...

דער טשינאָ האָט א שפּיי געטון דעם קראַנקען אין פּנים; יענער אָבער איז שוין ווידער געווען פאַרזונקען אין א שווערען אידיאָטישען כראָפּען און סאָפּען און שימפּפּענדיג און ברומענדיג איז ער ווידער צוגעגאַנגען צו ראָסאַלינדאַ׳ן. דאָס מיידעל האָט שווער, לאַנגזאַם, זיך אויפגעהויבען פון׳ם פּאָל, וואו זי איז געלעגען א דערשלאָגענע, א צעבויקערטע. זי האָט געהאט א טעמפּען, פאַרטומעלטען אויסזעהן און עס געווען קאַנטיג, אַז זי באַגרייפט גאָרנישט, אַז זי פאַרשטעהט גאָרנישט, וואָס עס קומט איצט פאָר מיט איהר. דער טשינאָ האָט איהר א שטויס געטון צו דער טיר, אונטערזאָגענדיג דערביי:

— געה, מיין לעבען!... שפּאַן, ניכער, טייערע מיינע...

## זעקסטער קאַפּיטעל

דער פאַרברעכער האָט איהר אַוועקגעפיהרט וואוינען מיט איהם אין אַ מיזעראַבעלער חרוב'ער הייזקע, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי צימערלאַך, ערגיץ־וואו נאָהענט פון דעם אימה'דיגען באַריאָ דע לאָס ראַנאָס דאָס איז נישט געווען קיין מענשליכע וואוינונג, נאָר אַ שטינקענדיגע חזיר־שטאַל, וואָס פלעגט פאַרטרונקען ווערען פון וואַסער ביי יעדער רעגען און וואוהין עס פלעגען פריי און אומגעשטערט אַריין און אַרויס אומגעהויער גרויסע און שרעקליך־העסליכע שטשערעס.

און פאַר ראָסאַלינדאַ'ן האָבען זיך אָנגעהויבען די פאַרצווייפעלטע טעג פון גרויל, שאַנד און חרפּה. זי האָט אויסגעליטען די ברוטאַלסטע קלעפּ, די שענדליכסטע באַליידיגענדיגסטע ווערטער, פאַראַכטונג, נידערטרעכטיגקייטען, דאָס געמיינסטע און שמוציגסטע איזדיעקעווען זיך איבער איהר, הונגער, חוזק, עלענט, וועהטאָגען און ליידען, ליידען אָהן ענדע און אָהן שיעור; דאָס שרעקליכסטע, העסליכסטע, וואָס אַ מענשליך וועזען קען נאָר אויסליידען אויף דער דאָזיגער וועלט — איז זי אויסגעשטאַנען.

אָבער דאָס אַלעס איז נאָך נישט געווען דאָס ערגסטע אין ראָסאַלינדאַ'ס מאַרטירערטום. ערגער פון די קלעפּ, וואָס זי איז אויסגעשטאַנען איז געווען דאָס אַבסאָלוטע פעהלען פון פיזישע און מאָראַלישע פרייהייט, דאָס זיין עלענט, אַבסאָלוט איינזאַם; וואָס זי האָט נישט געהאט קיין שום מעגליכקייט אויסצורעדען זיך פאַר עמיצען איהר האַרץ, דערצעהלען פאַר עמיצען איהר איבערמענשליכען ליידען און וואָס זי האָט נישט געוואוסט גאָרנישט וועגען איהר פאָטער; וואָס זי האָט זיך גע־

## אין אַ פאַרשטאָדט

שפּירט איינפאַך ווי אַ זאַך, נישט ווי אַ לעבעדיג וועזען, ווי אַ זאַך
אַהין צו האָבען רשות איבער זיך אַליין; וואָס זי האָט אויף איין מינוט
נישט געקענט אַרויסגעהן אַליין פון דעם צימער־לאָך, אַרויסשטעקען דעם
קאָפּ אויפ'ן גאַס, זייענדיג טאָג ווי נאַכט באַוואַכט פונ'ם טשינאָ און
פון די פאַרברעכער, מענער און פרויען, וועלכע האָבען געוואוינט אין דער
זעלבער חורבה־שטוב. און נאָך ערגער איז געווען פאַר'ן באַוואוסטזיין
פון לינדאַ'ן, — אין גרונט אַן עהרענהאַפטיגע, אַ ווייטע פון פאַרברעכע־
רישקייט און פאַרדאָרבענקייט — וואָס זי איז געצוואונגען געווען צו
ווערען פאַרמישט מיט יענע פאַרברעכער, הערענדיג זייערע שמועסען
וועגען פאַרברעכענס, זייערע פּלענער און פּראָיעקטען פון גנבות און אַנ־
דערע פאַרברעכענס. און נאָך ערגער, טויזענט מאָל ערגער פון אַלעס,
וואָס זי איז דאָרטען אויסגעשטאַנען, איז געווען פאַר איהר דאָס דאַר־
פען אונטערוואַרפען זיך די לאַסקעס פונ'ם מאַלעוואַ; דאָס דאַרפען אַרי־
בערטראָגען זיין קושען און זיך איבערגעבען איהם, געבען איהם איהר
קערפּער; איהר קערפּער, וואָס איז ערשט נישט לאַנג צוריק געווען אַזוי
יוגענטליך און מיט פייער־רייץ, פול מיט באַגעהר פון לעבען און פון
גלוסטען; דעם קערפּער, וואָס האָט געדאַרפט געהערען איהר חתן, וועלכען
זי האָט אַזוי פאַרגעטערט!

---

נאָך די פּופּצעהן טעג פון לעבען צוזאַמען מיט'ן טשינאָ און מיט
די צוויי פּאָרלאָך פאַרברעכערס, וואָס האָבען געוואוינט צוזאַמען, אין
דער זעלבער שמוציגער שטינקענדיגער נאָרע, האָט דער מאַלעוואַ אָנגע־
הויבען צושטעהן צו איהר, אַז זי זאָל זיך פּראָסטיטואירען. ראָסאַלינדאַ,
וועלכע איז שוין פריהער געוועהנט געווען צו הערען עהנליכע צושטע־
הענישען און פאָדערונגען, נאָך פון איהר שטיפמאַמע, ווען זיי האָבען
געוואוינט אין דער קאָנווענטיזשאָ, איז נישט געוואָרען איבערראַשט, ניט
עם האָט אַרויסגערופען ביי איהר אַנטריסטונג דאָס צושטעהן פון דעם
מאַלעוואַ מיט אַזאַ פאָדערונג. זי האָט אָבער יאָ געהאַט נאָך גענוג כוח
און מוט צו אַנטזאָגען זיך דאָס צו טון. דער טשינאָ האָט גע'טענהעט,
אַז זי דאַרף אַריינברענגען פאַרדינסט אין שטוב, אַז „זי טאָר נישט זיצען
אַזוי און פרעסען אומזיסט", אַז זי זאָל נישט מיינען, אַז ער האָט איהר
אַרויסגעשלעפּט פון דער קאָנווענטיזשאָ, כדי „זי זאָל זיך לאָזען וואויל־

געהן, פוסט און פאַס, מעשה אויסגעפוצט מיידעלע, אָדער שעהן ווייבעלע, נאָר אַז ער האָט עס געטון מיט דער אַבזיכט אַז זי זאָל אַרבייטען און אַריינברענגען הכנסה"; און טענה'ענדיג אַזוי, האָט ער איהר אויפ'ן ברוטאַלסטען אופן צעפליאַסקעט דעם פּנים.

די זעלבע סצענע האָט זיך איבערגע'חזרט אויף מאָרגען און אויף איבערמאָרגען; טאָג איין טאָג אויס; אין משך פון צוויי חדשים: ער האָט איהר געטריבען אין גאַס אַריין אונטער'ן אויסרייד, אַז זי מוז אַריינברענגען „הכנסה", „פּרנסה" אין הויז, נישט זיצען מיט צונויפגעלעגטע הענט — און זי האָט געפונען כוח אין זיך צוווידערשטעהן זיינע קלעפּ און ברוטאַליטעט. סוף כּל סוף, אָבער, האָט דאָס מיידעל פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיגער פאַרברעכער וועט נישט אָפּלאָזען, וועט נישט מילדער ווערען, וועט נישט נאָכגעבען, ביז וואַנען זי וועט איהם נישט אָנהויבען פאַרדינען. ער האָט זי אָוועקגעריסען מיט געוואַלט פון דער שטוב נישט אויס שטאַרקער ליבע צו איהר, נישט איבער דער תאווה און באַגעהרען איהר, נאָר מיט דער כונה צו מאַכען פון איהר אַ קוואַל פאַר הכנסה, אַ „מינאַ", ווי עס האָט געהייסען אין זייער זשאַרגאָן פון תפיסה און פאַרברעכען; אַ „מינאַ", וואָס זאָל איהם אַריינברענגען צום לעבען.

פונקט ווי זיינע צוויי חברים, די צוויי „באַקאַנעס", ווי זיי אַליין פלעגען זיך רופען, האָבען אויך געלעבט פון זייערע ווייבער: צוויי שמוציגע העסליכע אַלטע „טשינאַס", מיאוסע ווי דער טויט, און אונטערגעגעבענע און געהאָרכזאַמע אַזוי, אַז זיי האָבען קיינמאָל נישט געוואַגט ווידערצושפּעניגען, אָדער נישט פאָלגען זייערע מענער און הערשער, ווען זיי פלעגען אָהן שום פּראָטעסט, ווי אַ נאַטירליכע און זעלבסטפאַרשטענדליכע זאַך, צו וועלכער זיי האָבען פאַראויס מסכים געווען, אָוועקגעגעבען ביז דער לעצטער פּרוטה, די געמיינע און מאָגערע סכומים, וואָס זיי פלעגען באַקומען ביי מענער פאַר זייערע שמוציגע העסליכע קערפּערס.

נישט האָבענדיג קיין כוח און מוט צו אַנטלויפען און זיך פיהלענדיג אַזוי פאַרמוטשעט פון די ליידען און קלעפּ, אַז זי האָט מיט איהר גאַנץ וועזען געלעכצט באַטש נאָך אַ קורצען אָפּרוה, נאָך אַ קליינער הפסקה אין דעם פּיין — האָט ראָסאַלינדאַ דאַן פאַרגעשלאָגען דעם טשינאָ צו אַריין צוריק אַרבייטען אינ'ם פריגאָריפיקאָ.

## אין א פּאָרשטאָדט

— איך וועל דיר אַריינבּרענגען געלט, טשינאָ. יעדען שבּת וועל איך דיר בּרענגען געלט. פאַר דיר אַליין וועט זיין דאָס גאַנצע געלט. איך פאַר מיר דאַרף גאָרנישט און וויל גאָרנישט.

דער מאַלעוואָ האָט מסכים געווען, הגם לכתחילה מיט אַ געוויסען אומצוטרוי, מיט חשד. ער האָט מורא געהאט, אַז ראָסאַלינדאַ זאָל נישט דערצעהלען די אַנדערע אַרבּייטאָרינס אָדער עמיצען פון די העכערע אָנגעשטעלטע וועגען דעם שרעקליכען, הינטישען לעבּען, וואָס ער פאַרשאַפט איהר נעבּען איהם און אַז עס זאָל דורך דעם נישט אָנקומען צו דער פּאָליציי, וועלכע זאָל פּלוצים קומען און אַריינמישען זיך. אָבּער די פאַרזיכערונגען, וואָס די טשינאָס פון זיינע חברים האָבּען איהם געגעבּען, אַז זיי וועלען אַכטונג געבּען, די גיריגקייט צו בּאַקומען יעדען שבּת ראָסאַלינדאַ׳ס לוין און די האָפנונג צו בּאַקומען חוץ דעם נאָך געלט, „פּרנסה“ — „וועגטאַ“, ווי דאָס האָט געהייסען אין זיין בּאַזונדערען גנבה׳שען לשון — דורך דעם שעהנעם קערפּער ראָסאַלינדאַ׳ס, אויף וועלכען עס וועט זיך, מסתמא, סוף כל סוף קוואַפּען עפּעס אַ הויכער אָנגעשטעלטער פון פריגאָריפיקאָ, וועלכען ער וועט קענען „אָפּכמאַליען“, „אויסטרייבּערען“ מיט איהר הילף; דאָס אַלעס האָט איהם בּאַוואויגען צו אַנטשליסען זיך; און ער האָט מסכים געווען, אַז דאָס מיידעל זאָל געהן צוריק אין פריגאָריפיקאָ אַרבּייטען. אָבּער צושטימענדיג, האָט ער איהר שטרענג פאַרזאָגט, אַז זי האַלטען פּיסק, מיט אַ וואָרט פאַר קיינעם זיך נישט אַרויסכאַפּען, צוזאָגענדיג איהר, אַז ער וועט איהר מאַכען דעם טויט, אויבּ זי וועט איהם פאַרראַטען.

---

און אַזוי אַרום האָט ראָסאַלינדאַ זיך אומגעקעהרט צוריק אינ׳ם פריגאָריפיקאָ צו אַרבּייטען. דער הויכער בּאַאמטער, וואָס האָט איהר דאָס ערשטע מאָל אַריינגענומען אין פאַבּריק, האָט איהר נישט פאַרגעסען און עס איז איהר לייכט געווען ווידער צו אָנקומען אויף דער אַרבּייט. אמת, ראָסאַלינדאַ איז געקומען בּעטען זיך צוריק אויף דער אַרבּייט אַ זעהר שלעכט געקליידעטע און זי האָט שוין נישט געהאט די געשמאַקע און די רייצענדיגע שעהנקייט, וואָס מיט אַ צייט צוריק, ווען זי איז דאָס ערשטע מאָל אָנגעקומען אַרבּייטען; אָבּער איהר תאוה׳דיגען

אויסזעהן האָט זי נאָך אָנגעהאַלטען; און די ברייטע כוואַליע־ווארפענ־דיגקייט פון איהרע היפטען; און איהרע בליקען זענען נאָך אָנגעזאַפּט געוועןמיט גלוסטיגקייט און איהרע ליפּען — רויטע און פליישיגע, האָ־בען געצויגען צו קושען. און ער, דער הויכער באַאמטער, האָט געגלויבט, אַז איצט, אַן אונטערטעניגטע און אָנגעליטענע, אַ צעוועהטאָגטע און געפּייניגטע, וועט זי שוין זיין מעהר נאָכגעביג, וועט נישט זיין אַזאַ ווילדע, אַזאַ האַסטיג־פאַר'עקשנטע. ער האָט געהאַט צו זיין באַזיץ אַ סך אַנדערע, די גרעסטע טייל פון די אַרבייטער־מיידלאַך. די דאָזיגע סחורה האָט איהם, דעם אמת געזאָגט, נישט געפעהלט; אָבער ס'מאַכט נישט: חוץ דעם פאַרגעניגען וואָס איז פאַראַן אינ'ם בייטען, אין באַ־זיצען אַלעמאָל אַנדערע, איז לינדאַ געווען איינע פון די שעהנסטע מייד־לאַך פונ'ם פריגאָריפיקאָ.

דער טשינאָ האָט איהר באַגלייט, ווען זי איז געגאַנגען אַהין בעטען מען זאָל איהר צונעמען אַרבייטען; און ער האָט איהר באַגלייט, ווען זי איז געגאַנגען צוריק. פאַר איהר, אין די איצטיגע אומשטענדען, איז די אַרבייט געווען אַ באַפרייאונג. איידער נאָך זי פלעגט קומען אַהינצו. יעדען אינדערפריה, און ווי נאָר איהרע אויגען האָבען באַמערקט פון ווייטענס דעם אומגעהויערען, גרויסען שווערען און ווייסען בנין פון דעם פריגאָריפיקאָ, פלעגט אָנהויבען לייכטער ווערען, אָפּגעריבענער, מטוש־טש'ער ווערען, אינערליך אין איהר, איהר אַנגסט, איהר נאָגענדיגער פּיין, איהר שטענדיגער אומאיבערגעריסען ווערענדיגער פּחד פון האָבען תמיד דעם טשינאָ נעבען זיך פאַר די אויגען. עס האָט, אָבער, נישט אוספּייעט אָוועקצוגעהן נאָך אינגאַנצען די ערשטע וואָך, ווי דער טשינאָ האָט שוין באַמערקט אויף לינדאַ'ס געזיכט דעם אויסדרוק פון דער דאָזיגער פאַר־ענדערונג: עפּעס אַ מין מעהר רוהיגערע מינע, און ער האָט עס איהר גלייך געזאָגט.

— העי, דו ווערסט האַפערדיגער, ווערסטו... ביסט זיך מחיה הפנים, וואָס דו וועסט נישט זיין מיט מיר... ביסט זיך מחיה, ביסטו, הע?...

— וואָס האָב איך דען געזאָגט, וואָס?

— איך וויים, אַז דו האָלטסט דעם פּיסק דיינעם פ א ר ט ר י פ־ו ו א ק ס ט, איך וויים. אָבער איך האָב שוין צעקייעט אַלעס, צעקייעט דיין טראַכטעניש... ביסט צופרידען, וואָס דו ווערסט מיך פּטור דעם

## אין אַ פאַרשטאָדט

גאַנצען טאָג... וואָלסט זיך מחיה געווען, ווען איך וואַרף דיך אַוועק, ווען איך לאָז דיך איבער... כ'וויים... אַ מכה, אָבער!... דאָס, נבלה, וועט ניט זיין!... אַזאַ יאָלדעווקע, ווי דו, וועל איך נישט אַוועקוואַרפען!... ווייסט פאַרוואָס? ווייל, קעצעלע מיינס, ווייל דו ביסט אַ צאַצקע ראַנטיפּוסאַ!... און ווייל... ווייל כ'האָב דיך ליב אין האַרצען, נשמה'לע מיינס! איך האָב דיך ליב ווי מיין לעבען!...

און ער האָט אויסגעבראָכען מיט אַ פינסטערען גרויל־אָנוואַרפענדיגען געלעכטער, קוקענדיג אויף לינדאַ'ן מיט זיינע קרומע אויגען.

און אָט דער דאָזיגער געלעכטער פון פאַרדאָרבענקייט און גרויל האָט דער אָרימער שוטלאָזער אַרבייטער־מיידעל וועה געטון, ליידען פאַרשאַפט, ווי די קושען און ווי די קלעפּ און די פּייניגונגען פון דעם מאַלעוואָ.

---

און פון דאַן אָן און ווייטער האָט דאָס מיידעל געמוזט פאַרבאָרגען אין זיך די צופרידענהייט, וואָס עס האָט ביי איהר אַרויסגערופען יעדען אין דער פריה, דאָס דערזעהן פון דערווייטענס די געביידע, וואו די לופט וואָס איז געווען אַ שווערע אויף דערשטיקט צו ווערען, דער רויך פון'ם שטענדיגען קאָכען, דער שטאַרקער שניידענדיגער גערוך פון'ם פלייש און אַ שווערע, צעבּרעכענדיגע, פאַרמאַטערענדיגע אַרבייט פון צעהן שעה, האָבען געפּייניגט, פאַרצעהרט איהר יוגענט. אַ פאַרגעניגען פון אַ פאַר־צווייפעלטער; און זי האָט דאָס אויך געמוזט פאַרבאָרגען אין זיך.

אָט דעם דאָזיגען אָנשטעל איהרען פון דאַרפען פאַרבאָרגען אין זיך די צופרידענקייט, פלעגט זי פאַרלירען, ווי נאָר דער טשינאָ, וואָס האָט איהר באַגלייט ביז'ן טויער פון'ם פריגאָריפיקאָ, פלעגט בלייבען אין דרויסען, נאָכקוקענדיג איהר מיט אַ שטענדיג פינסטערען, אימה־אָנוואַרפענדיגען און חשדים־פולען בליק, ווי זי געהט אַריין אין דעם טויער, וואָס פיהרט צו דער פאַבריק — אַ פינסטערער שמאָלער אַריינגאַנג, ווי אַ שוואַרצע ענגע נאָרע, וואָס ציהט זיך צווישען צוויי אומבאַפלעקטע ריזיגע ווענט, הויכע ווי זעקס שטאָק — ווי נאָר דער שוואַרצער טויער האָט פאַרשלונגען איהר פיגור, פלעגט איהר באַהאַלטענע ביז דאַן אונטער־דריקטע צופרידענקייט אַרויסשוואומען און באַרוהיגען אַביסעל איהר אַנגסטליך־אָנגעשטרענגט געמיט.

אָפּטמאָל, ווען דער טשינאָ האָט געמוזט זיך אויסבאַהאַלטען פון דער פּאָליציי, פלעגען לינדאַ'ן באַגלייטען צו דער אַרבייט די ווייבער פון זיינע חברים. אויף דער פאַראָרדנונג פון די „באַקאַנעס", האָבען זיי אַכ־טונג געגעבען אויף איהר מיט אַזוי פיל אייפער, ווי דער טשינאָ אַליין: זיי האָבען איהר „געמאַכט געזעלשאַפט", האָט עס געהייסען אויף זייער אומגליקליכער פאַרברעכערישער שפּראַך.

די מורא, וואָס די דאָזיגע אומגליקליכע באַשעפענישען האָבען גע־האַט פאַר זייערע מענער־באַצווינגער, וואָס האָבען זיי געהאַלטען איינגעאַנ־צען אונטערטעניג זייער ווילען, און די קנאה, וואָס זיי האָבען געפיהלט צו לינדאַ'ן דערפאַר, וואָס זי איז שעהן, יונג, רייצענדיג און אויך דער־פאַר, וואָס איהר גוסט צו ריינקייט און ציכטיגקייט, און צו פּוצען זיך און האַלטען איהר געשטאַלט אין אָרדנונג אין די ערגסטע אומשטענדען, איז געווען אַ שטענדיגער, אַן אומאויפהערענדיגער פאָרוואורף פאַר זייער שמוציגען און העסליכען אויסזעהן — האָט גובר געווען אין זיי, אין די מיאוסע „טשינאַס" דעם געפיהל פון סאָלידאַריטעט פון געשלעכט און פון פאַרשקלאַפטקייט, וואָס די צוויי פרויען וואָלטען געדאַרפט געוועזן פיהלען, אַלס פרויען אַליין געפייניגט ווערענדיגע, צום יונגען קרבן פון דעם טשינאָ.

---

ווען לינדאַ איז צוריק אריין אַרבייטען אינ'ם פריגאָריפיקאָ, האָט זי, צו איהר גרויס צער, נישט געטראָפען דאָרטען מעהר איהר חבר'טע איסאַורא. אַנדערע מיידלאַך, אַרבייטאָרינס, האָבען איהר דערצעהלט, אַז זי איז מיט אַ חודש צוריק נאָך אַרויס פון פריגאָריפיקאָ. זי האָט אויפ־געגעבען די אַרבייט, ווייל זי האָט חתונה געהאַט. די מיידלאַך האָבען נישט געוואוסט וואו זי וואוינט איצט. און לינדאַ האָט דערום נישט געקענט האָבען קיין שום ידיעה וועגען דעם, וואָס איהר פאָטער טוט.

אין משך פון איהר שווערען און לאַנגען אַרבייטס־טאָג האָט לינדאַ גענוג צייט געהאַט צו טראַכטען וועגען איהר שרעקליכער לאַגע און, צו־מאָלס אויך, טראַכטען וועגען איהר פולשטענדיגער באַפרייאונג. צוויי מאָל, ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען, נאָך איידער זי איז צוריק אָנגע־קומען אינ'ם פריגאָריפיקאָ אַרבייטען, האָט זי פּרובירט צו אַנטלויפען:

## אין א פאַרשטאָדט

מען האָט איהר אָבער באַצייטענס געפּאַקט, ביידע מאָל, און זי האָט, פאַר אַט דעם פאַרזוך, באַקומען אַזעלכע שרעקליכע קלעפּ, פּעטש, און איז אַזוי ברוטאַל געטאָפּטשעט געוואָרען פונ'ם טשינאָ מיט די פיס, אַז זי האָט פאַרלוירען דעם מוט צו פּרובירען נאָכאַמאָל. די לעצטע טעג האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל פון פולשטענדיגער אונטערטעניגקייט; זי האָט זיך געהאַלטען אַזוי, אַז עס זאָל ביים מאַלעוואָ פאַרשווינדען דער מינ־דעסטער חשד צו איהר. זי האָט אָפּילו אָנגעהויבען אַרויסצעווייזען דעם טשינאָ, א געוויסע באַציהונג פון ליבע, פון לאַסקע. זי איז דערמיט אויסען געווען אַרויסצורופען ביי איהם צוטרוי צו זיך, ווייזען איהם, אַז איצט איז זי שוין פולשטענדיג געהאָרכזאַם, אַז זי האָט שלום געמאַכט מיט איהר גורל און וועט זיין איהם טריי. און אויף אַזאַ אופן, אַזוי האָט זי געמיינט, וועט איהר אפשר דאָך געלינגען, ווען נישט איז, צו דורכפיהרען איהרע פּלענער.

דאָס, וואָס זי איז אַריין צוריק אינ'ם פּריגאַריפּיקאָ, איז געווען פאַר איהר אַ גרויסע האָפנונג. איצט האָט זי געגלויבט, אַז די שעה פון איהר פרייהייט, די שעה אויפגעריכט צו ווערען וועט קומען פאַר איהר. און דערוויל, ביז דאָס וועט קומען, האָט זי איבערגעטראָגען אַלעס מיט מעהר אונטערגעוואָרפענקייט, ווי פון אָנהויב; עס איז איהר לייכטער געווען איצט, ווייל זי האָט געגלויבט און געהאָפט, אַז דאָס ליידען איז נים אויף לאַנג; ס'האָט אויסגעזעהן, ווי דער געדאַנק, אַז דאָס איז אויף דערוויל, האָט איהר לייכטער געמאַכט צו פּועל'ן ביי זיך, צו שלום מאַכען מיט איהר דערווייליגען גורל. זי האָט געדולדיג איבערגעטראָגען איהר פאַרשקלאָפּט־קייט, די ברוטאַלע קלעפּ און פּעטש, וואָס זי האָט יעדער ווייַלע באַקומען פונ'ם טשינאָ; זי האָט געדולדיג געליטען דעם עקעל, די העסליכקייט פון באַמאַנט צו ווערען פון דעם דאָזיגען פאַרדאָרבענעם אכזר און אָפּילו אויך וואָס זי האָט די גאַנצע צייט נישט געהאַט קיין שום ידיעה פון איהר פאָטער. „וואָס זאָל געווען געשעהן מיט איהם? לעבט ער נאָך, איהר אָרימער טאַטע?“ זי האָט טויזענטער מאָל עס געפרעגט ביים טשינאָ; דער מאַלעוואָ אָבער האָט איהר אויף דעם געענטפערט תמיד בייז און פאַרדאָרבען. מעהר פון אַלץ אויף דער וועלט האָט זי געוואָלט זעהן איהם, איהר אַלטען קראַנקען פאָטער. דער טשינאָ, אָבער, אין שטענדיגען חשד און אומצוטרוי, האָט עס איהר נישט דערלויבט. איינמאָל אָבער

ביינאַכט, ווען ער איז געקומען אין דער חזיר־שטאַל, וואו זיי האָבען גע־וואוינט, האָט דער מאַלעוואַ איהר געזאָגט, אַז אַנטענאָר איז געשטאָרבען.

— ער האָט אויסגעצויגען די קאָפּעטעס, דער אַלטער כלב — האָט ער אויסגעשריען מיט אַ געלען, גרוילהאפטען חוזק־געלעכטער.

ראָסאַלינדאַ האָט אַ געשריי געטון און געפאַלען אויפ'ן פּאָל, אויס־ברעכענדיג אין אַ יאָמערליכען געוויין.

— און צע־אָס האָסטו זיך עס אַזוי צעקוואָקעט? וואָס? וואָס איז דער געוואַלד אַזוי? לאָמיך וויסען, האַ? — האָט דער טשינאָ בייז איהר צוגעדראָהעט, גלייך דער דאָזיגער געוויין פון אַ טאָכטער איבער'ן טויט פון איהר פאָטער, וואָלט געווען איהם אויף צו להכעיס, איהם באַליי־דיגט...

— איך האָב איהם אַזוי ליב געהאַט, דעם טאַטעשע! ער איז גע־ווען תמיד אַזוי גוט צו מיר, דער אָרימינקער טאַטעשע!... טאַטעשע מיינער!...

דער טשינאָ האָט מיט ווילד געוואָרענע אויגען געקוקט אויף איהר, ווי זי ליגט אויף דער ערד און וויינט. און פּלוצים, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויף איהר — ראָסאַלינדאַ האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס קומט עס איהר איצט — האָט אָפּגעריסען איהר די הענט, מיט וועלכע זי האָט געהאַלטען פאַרדעקט איהר וויינענדיג פּנים, און האָט איהר גענומען פּאַ־טשען אין פּנים, אין די באַקען, מיט ווילדער האַסטיגקייט און ברוטאַלי־טעט, פאַרבלוטיגענדיג איהר דאָס מויל.

— נאַ! אַט האָסטו! פאַ'ן טאַטען דיינעם! נאַ! ס'טו וויסען צו קוואָקען!...

## זיבעטער קאַפּיטעל

און עס איז געקומען דער טאָג, ווען ראָסאַלינדאַ האָט באַקומען איהר ערשטען געהאַלט.

מיט א וואָך פאַר דעם, האָט דער מאַלעוואַ איהר אוועקגעפיהרט וואוינען אין דעם הילצערנעם צימערל, אויף דעם אינזעל מאַסיעל. אויב דער דאָזיגער קוואַרטאַל, וואוהין זיי זענען געקומען איצט וואוינען, איז געווען א שרעקליכער, איז נאָך ערגער געווען דער צווייטער, יענער וואו זיי האָבען ביז איצט געוואוינט. און פאַר ראָסאַלינדאַ'ן האָט עס גע־הייסען א גרויס גליק, וואָס זיי זענען אוועק פון יענער שמוציגער נאָרע, וואו זיי האָבען אָפּגעוואוינט עטליכע חדשים. דאָ אָבער, האָט איהר פאַר־פאָלגט, ווי זיך איינגעגעסען אין איהר דמיון, די גיגאַנטישע אריבערשיף־מאַשין און די נאַקעטע זעגעל־בוימער, וועלכע ארויסשטאַרצענדיג מיט אמאָל פון הינטער די שטיבלאך און הייזקעס פון ברעטער און צינק־בלעך, האָבען געהאַט דעם אויסזעהן פון אומגעהויערע ביקסען, די באַגנעטען פון וועלכע זענען ווי אָנגעשטעלט געווען, דראָהענדיג אין הימעל.

נישט מיט זיין גוטען ווילען האָט דער טשינאָ פאַרלאָזט יענע חזי־רים־שטאַהל, וואו ער האָט פריהער געוואוינט מיט ראָסאַלינדאַ'ן און מיט די צוויי חברים זיינע און זייערע שמוציגע טשינאָס: ער איז געצוואונ־גען געווען צו טון עס, ווייל די פּאָליציי האָט איהם געזוכט. צוזאַמען מיט נאָך פאַרברעכער, איז דער טשינאָ, איינמאָל אין א נאַכט, אריין אין א הויז פון אן אַלטער פרוי, זי דערמאָרדעט און אוועקגערויבט איהר געלט. ראָסאַלינדאַ האָט נישט געוואוסט גאָרנישט פון דעם אַלעמען, אָבער די אָפּוועזענהייט פון'ם טשינאָ אין משך פון צוויי טעג און א פּאָר ווער־טער, וואָס זי האָט געכאַפּט פון די שמועסען פון די צוויי פרויען, וואָס

האָבען געוואוינט אין דער זעלבער שמוציגער נאָרע, האָבען ביי איהר ארויסגערופען דעם פאַרדאַכט, אַז דער מאַלעוואַ איז באַגאַנגען אַ גאָר גרויסען פאַרברעכען.

אַז זי איז צוריקגעקומען יענעם פאַרנאַכט פון דעם פריגאָריפיקאָ און האָט זיך ארומגעזעהן, אַז זי בלייבט אָהן איין פרוטה פון איהר גאַנצער לוין פון אַ וואָך אַרבייט אין פאַבריק, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז די פאַר־דינסטען פון איהר אַרבייט וועלען קיינמאָל נישט סטייען, קיינמאָל נישט גענוג זיין, צו באַפרידיגען, צו אָנזעטיגען די קאַרגשאַפט און די ווילדע רשעות פונ׳ם טשינאָ.

האָט זי, דערום, קיין האָפנונג נישט געהאַט אויף באַפרייאונג, ווי־באַלד זי האָט קיין כח נישט, קיין מעגליכקייט נישט, צו פאַרהאַלטען פאַר זיך אַ פרוטה אַפילו פון איהרע פאַרדינסטען. און אָהן געלט קען מען גאָרנישט מאַכען... גאָט אין הימעל — האָט זי שטיל פאַר זיך גע־טראַכט און געבעטען — פאַרוואָס קומט עס איהר? פאַרוואָס קומט איהר אַזוי פיל פיין און ליידען? פאַרוואָס באַשיצט איהר נישט די הייליגע בתולה, צו וועלכער זי פלעגט דאָך אַזוי פיל מתפלל זיין יעדע נאַכט? האָבען דאָך איהר פאַרזיכערט די שטיצע, שוץ און הילף פון דער היי־ליגער בתולה מאַריאַ, יענע גוטע עלטערע פרויען, וואָס האָבען איהר אויסגעלערענט די געבעטען, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד; טאָ וואו־זשע איז די הילף פון דער הייליגער ריינער געטליכער בתולה?

---

איצט, אין זייער נייער וואוינונג, אין דעם נאָרע־צימער אויף דעם אינזעל מאַסיעל, ווייט פון יענע צוויי אַלטע מיאוסע זונות, וואָס האָבען איהר תמיד געהיט, קיין אויג פון איהר נישט אַראָפּגענומען, האָט ראָ־סאַלינדאַ געגלויבט, אַז דער מאָמענט פון איהר באַפרייאונג איז געקומען. דער טשינאָ אָבער האָט קיין איינמאָל נישט דורכגעלאָזען צו באַגלייטען איהר, צו זיין מיט איהר, אויף קיין איין מינוט נישט אָפּגעלאָזען איהר פון אויג; און טאָמער איז ער אַמאָל יאָ אוועק ביינאַכט, פלעגט ער איהר פאַרשפאַרען אין צימער, פאַרשליסענדיג הינטער זיך די טיר אַזוי, אַז זי זאָל נישט קענען ארויס.

צו די צוויי חדשים, זינט לינדאַ האָט געאַרבייט אין פריגאָריפיקאָ, האָט דער טשינאָ ווידער אָנגעהויבען צושטעהן צו איהר, אַז זי זאָל אָנ־

## אין אַ פאָרשטאָדט

נעמען דעם וועג פון האנדלען מיט זיך. יעדע נאַכט פלעגט ער איהר אָנזאָגען, פאַראָרדנען, צושטעהן צו איהר; און אינדערפריה, אויפן וועג צום פריגאָריפיקאָ, וואוהין ער פלעגט איהר באַגלייטען, האָט ער אויך קיין איין מאָל נישט דורכגעלאָזט צו רעדען מיט איהר וועגען דעם. ראָסאַלינדאַ אָדער זי פלעגט איהם אויף דעם גאָרנישט ענטפערען, אָדער זי פלעגט איהם ענטפערען, אַז דאָס וועט זי פאַר קיין פאַל נישט טון. אין גאַס, אַז ער האָט עס געהערט, פלעגט ער פאַרשווייגען; טאָמער פלעגט ער, אָבער, באַקומען פון איהר אַזאַ ענטפער, אין צימער זייענדיג, פלעגט ער איהר באַפאַלען מיט געוואַלדיגער רשעות, שלאָגען איהר, פאַטשען, קנייפען, פייניגען, ברוין און בלוי מאַכען איהר לייב מיט חיה'שער אומדערבאַרעמקייט.

אַיינמאָל, אין אַ פאַרנאַכט, האָט דער פאַרברעכער באַנייט זיינע צוטשעהענישען און פאָדערונגען צו איהר, דראָהענדיג צו דערמאָרדען איהר, ראָסאַלינדאַ'ן, אויב זי וועט איהם נישט נאָכגעבען.

— גוט! הרגע מיך! איידער אַזאַ לעבען ווי איך לעב! גלייכער שוין דער טויט... איידער צו לעבען אַזוי עלענט, אַז דעם טאַטען האָב איך שוין אויך נישט!...

דער מאַלעוואַ האָט צעבראָכען אויף ראָסאַלינדאַ'ס פלייצע דאָס אייניציגע בענקעל, וואָס איז געווען אין צימער. דערנאָך האָט ער, מיט ביידע הענט איהר אָנגענומען שטייף פאַר'ן קאָפּ און געקלאַפּט איהר דעם קאָפּ אָן דער וואַנט, אָהן רחמנות, אַ לאַנגע צייט ראָסאַלינדאָ איז געפאַלען אין חלשות, מיט אַ פאַרבלוטיגטער נאָז און מויל.

---

אין צוויי טעג אַרום, האָט דער הויף־באַאמטער פון דעם פריגאָריפיקאָ, דער זעלביגער, וואָס האָט איהר אַריינגענומען און געגעבען אַרבייט אין פאַבריק, גערופען איהר צו זיך אין ביוראָ, מיט'ן אויסרייד צו מאַכען איהר אַ פאָרוואורף פאַר דעם, וואָס זי איז שוואַך, פויל און צעשטרייט ביי דער אַרבייט. ער איז געווען אַ הויכער, אַ בלאָנדער, אַ שעהנער יונגערמאַן, די וואָנסען אונטערגעשוירען ווי אַן ענגלישמאַן, בליסען אָפענע, אין זיינע האַנדלונגען זעהר אַן אַנגענעהמער. געגרעדט האָט ער ווינציג; און אין אָפגעהאַקטע פראַזעס, אָפט אומפאַרענדיגטע. ער פלעגט אָפט אַריינלעגען אין מויל קליינע מענטע־פלעצעלאַך און געקוקט מעהר

אויף דער סטעליע, ווי אין געזיכט פון דעם, צו ווען ער האָט געערדט. געהייסען האָט ער פערמין האַרינגטאָן.

— אָבער, פאַרט, איהר... לאָמיר, קאַרשט הערען... וואָס איז אייך? עפּעס קומט דאָך פאַר מיט אייך. כ'ווייס נישט וואָס, אָבער, עפּעס זיכער. איהר זענט צעשטרייט, איהר זענט טרויעריג... פאַרוואָס אַזוי פאַרטרויערט? ליבעס, מסתמא, אין דער מיט, האַ? ניין? נישט דאָס? איז עס, מסתמא, וואָס איהר זענט נישט גליקליך... אַ שאָד... איך האָב נישט ליב צו זעהן מיידלאַך אומגליקליך. וואָס קען איך טון פאַר אייערט־וועגען?

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און האַרינגטאָן האָט אַנגענומען ראָ־סאַלינדאַ'ן פאַר אַ האַנט. אין יענעם מאָמענט האָט ראָסאַלינדאַ געמיינט, אַז ער איז ממש אַ מלאך פון גוטסקייט. ס'אַראַ אונטערשיד עס איז צווישען איהם און דעם טשינאָ! זי האָט, אויף אַ ווײַלע, דערמאָנט זיך אין דאַניעל פאַרטי'ן. אָבער, איז דען נישט גלייכער צו פאַרגעסען איהם, ווײַבאַלד זי וועט איהם שוין סיי ווי סיי קיינמאָל נישט זעהן מעהר? האָט זי געלאָזט זיך לאַסקען, צערטלען פון דעם אַנגעשטעלטען, וואָס האָט איהר אַנגעבאָטען זיין פריינטשאַפט. זי האָט געזוכט לאַסקע, צוגעבונ־דענקייט, סימפּאַטיע, פאַרגעסען זיך אַביסעל אין דאָס טאָג־טעגליכע און ראָסאַלינדאַ האָט ניט געקענט ווידערשטעהן און עקשנען זיך מעהר, ווען האַרינגטאָן האָט איהר געגעבען אַ קוש. זי האָט אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ ציטערענדיג, פאַרמוטשעט פון איהרע לאַנגע ליידען און האָט אַנגענומען די קושען, וואָס ער האָט איהר אַנגעבאָטען. זיי האָבען אָפּגערעדט, אַז מאָרגען, נאָך דער אַרבייט, זאָלען זיי זיך טרעפען אויף אַ באַשטימט פּלאַץ, אין אַ גאַס אין באָקאַ. דאָס איז געווען געגענאיבער איינעם פון די באַזונדערע קיאָסקען, וואָס דאָרטען זענען פאַראַן ביי די פּלומפּען. וואָס זענען אוועקגעשטעלט צו איינזאַפּען דאָס וואַסער און נעבען דעם דערדריקענדיגען קאַשמאַר־געשטאַלט פון דעם גרויסען אריבערשיף־בריק.

לינדאַ'ן איז געווען דערווידער צו דערציהלען וועגען דעם מאַלעוואַ, ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר האַרינגטאָנען, איהר נייעם פריינט, וועל־כער האָט איהר אויסגעזעהן אַזוי סימפּאַטיש, אַזאַ גוטמוטיגער, אַזאַ וואוילער. אָבער ווי האָט זי געקענט פאַרבאַרגען עס פון דעם טשינאָ,

# אין א פארשטאדט

ווען זי דארף זיך טרעפען מיט איהם? אהן זיין וויסען, איז דאך עס אונמעגליך געווען. פאלגליך, האט זי קיין אנדער ברירה נישט געהאט, ווי דערצעהלען איהם אלעס. דעם אווענט, ווען זי האט זיך געדארפט טרעפען מיט הארינגטאנען, איז דער מאלעווא נאכגעגאנגען ראסאלינדא'ן. ווען זי און דער אנגעשטעלטער האבען גענומען א טראמוואי, האט ער אויך געטון דאס זעלבע. זיי זענען ביידע אראפ אויף אן איינזאמער, אפגעזונדערטער גאס און זענען אריין אין א וואוינונג אויף אן אויבערשטען שטאק. דער טשינא האט געווארט אויפ'ן ראג פון דער גאס.

---

לינדא האט ניט געוואלט דערצעהלען ניט פארטרויען הארינגטאנען וועגען איהר לאגע. זי האט איהם אבער צוגעזאגט, אז א צווייטען מאל וועט זי איהם דערצעהלען די סיבה פון איהר טרויער און פיין. הארינגטאן האט איהר געגעבען צוואנציג פעזעס, אז „זי זאל זיך קויפען וועש". ווי ער האט געזאגט. זי האט גענומען נאר פופצעהן, בעטענדיג איהם, אז דעם רעשט זאל ער ביי זיך באהאלטען פאר איהר. אז זי איז ארויס פון יענער שטוב, האט ראסאלינדא, משער זייענדיג זיך, אז דער טשינא וועט געוויס ווארטען אויף איהר, גענומען איהם זוכען. דערזעהענדיג, אז ער שטעהט אויפ'ן ראג פון גאס, איז זיי אליין געלאפען איהם אנטקעגען, כלומרשט א שטארק צופרידענע, וואס זי קען איהם אפגעבען דאס געלט. דער אינסטינקט פון זעלבסטפארטיידיגונג האט, ביסלעכווייז, איהר אונטערגעזאגט, אנגעוויזען די דאזיגע צביעות'דיגע האנדלונג.

— זעהסט, טשינא, וואס ער האט מיר געגעבען. נא, נעהם עס; פאר דיר אינגאנצען — האט זי אויסגעשריען מיט א געמאכטער פרעהליכקייט אין שטימע.

דער מאלעווא האט צוגענומען און באהאלטען, א ווארט נישט זאגענדיג, די דאזיגע ערשטע עטליכע פעזעס: קענטיג געווען, אז אהן התפעלות. און אז זיי זענען געקומען אין זייער נארע־צימער — אינ'ם „בולין", ווי דאס האט געהייסען אין זיין פארברעכערישען זשארגאן, — האט ער זי באזוכט מיט דער גרעסטער אויספיהרליכקייט, ארומטאפענדיג זי פון אויבען ביז אראפ, טאמער, ווי א זאך מאכט זיך, האט זי באקומען מעהר „ווענטא" — געלט — און זי האט דעם רעשט באהאלטען.

ער איז געבליבן צופרידן. איצט האט ער שוין אין דער דאזיגער מויד

באמת א „מינא“, א קוואַל פון הכנסה. די קלעפּ און פּעטש, וואָס ער האָט אין איהר אריינגעוואָרפען אין משך פון די אַלע חדשים, האָבען סוף כל סוף געבראַכט דעם דערוואַרטעטען רעזולטאַט. וואָס דען, א יאַלד איז ער, וואָס? ער ווייסט שוין ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַגעהן מיט ווייבער...

ראָסאַלינדאַ האָט ווייטער פאַרגעזעצט צו טרעפען זיך מיט הארינג־טאָנען; צוויי מאָל א וואָך פלעגען זיי געהן צוזאַמען. פון צייט צו צייט פלעגט איהר דער באַאַמטער געבען געלט, און זי פלעגט איהם יעדעם מאָל בעטען, אַז א טייל פון דעם זאָל ער באַהאַלטען פאַר איהר; דערביי האָט זי זיך אנטזאָגט צו דערצעהלען, צו דערקלעהרען איהם פאַרוואָס זי האַנ־דעלט אַזוי. הארינגטאָן האָט זיך באַצויגען צו איהר זעהר גוט. דאָס מיידעל האָט עטליכע מאָל א טראַכט געטון צו דערצעהלען איהם וועגען איהר לעבען און ליידען. יעדעס מאָל אָבער האָט זי זיך אָפּגעהאַלטען פון דעם, טראַכטענדיג, אַז דער אָנגעשטעלטער, דערהערענדיג אַזאַ זאַך, קען נאָך, אויס מורא פאַר'ן טשינאַ, אָפּטרייסלען זיך פון איהר, איבער־לאָזען איהר, ווידער, אַליין. און זי האָט דערפאַר באַהערשט אין זיך דעם דראַנג צו אויסדערצעהלען פאַר איהם איהר האַרץ. און חוץ דעם, צו וואָס עס טון? גרייט זי זיך דען נישט אָפּצורעכענען זיך מיט דעם טשינאָ פאַר אַלע איהרע ליידען און פייניגונגען?

איינמאָל, ווען זי איז פאַרנאַכט אַרויס פון דער אַרבייט, האָט זי ניט געטראָפען דעם טשינאָ ווי תמיד וואַרטען אויף איהר. לינדאַ האָט גע־דענקט, אַז די פּאָליציי זוכט איהם, אָדער, אפשר, וועט ער אין דער נאַכט דורכפירען „דאָס שטיקעל אַרבייט“, וואָס ער האָט געהאַלטען אין צוגרייטען נאָך פון א וואָך צוריק, אין שותפות מיט נאָך צוויי פעהיגע „סטשרום־טאַנטעס“. ביים מיידעל איז דורכגעלאָפען דער געוואַגטער געדאַנק צו אַנטלויפען. זי האָט אָבער גובר געווען אין זיך דעם דאָזיגען יצר הרע, זייענדיג זיכער, אַז דער טשינאָ וועט, סיי ווי סיי, איהר אָפּזוכען. די אומגליקליכע האָט קיין אַהנונג נישט געהאַט פון דעם, וואָס בוענאָס איי־רעס איז. פאַר איהר, וואָס האָט אויסער באָקאַ און באַראַקאַס גאַרנישט געזעהן און נישט געקענט, האָט די וועלט אויסגעזעהן זעהר קליין; אַזוי קליין, אַז עס איז נישטאָ וואו און ווי אַזוי צו אויסבאַהאַלטען זיך. זי האָט באַטראַכט דעם טשינאָ, ווי אַן איבערנאַטירליכען וועזען, וואָס באַ־

זיצט אַן אומגעהויערע, אַן איבערראַשענדיגע פאַרשטענדליכקייט און אַ מערקווירדיגע קראַפט צו טרעפען, צו דערוויסען זיך אַלעס; און דערפאַר איז זי געווען זיכער אין דעם, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ לאַך, אַזאַ באַהעלטעניש, וואוהין די אַלמעכטיגקייט פונ׳ם מאַלעוואַ זאָל נישט קענען דערגרייכען, נישט קענען אַריינדרינגען; היינט וואָס וועט איהר העלפען אַנטלויפען און באהאלטען זיך, אַז סיי ווי סיי וועט ער גלייך דערשמעקען און אויסנישטערען, וואו זי איז, און געפינען זי. די ליזונג פון איהר לאַגע איז פאָלגליך נישט אין אַנטלויפען, די לייזונג איז אין טויטען איהם, דעם טשינאָ. און דאָס וועט זי טון: זי וועט איהם דער׳הרגענען.

אויף יענעם אָוועגט האָט זי נישט געהאט אָפגערעדט צו טרעפען זיך מיט האַרינגטאָנען; דאָך האָט זי געוואַרט אויף איהם, ביים אַרויסגאַנג פונ׳ם אַריבערשיפער. דער אָנגעשטעלטער האָט איהר אויפגענומען מיט אַ זויערער מינע; עפּעס ווי מיט אַ מין אויסדרוק פון ווידערווילען; אַן אָנגע׳ברוגזטער. ער איז נישט געווען צופרידען, וואָס זי איז געקומען, מיינענדיג הפנים, אַז זי וויל ער זאָל מיט איהר פאָהרען אַהינצו, אין דעם הויז, וואו זיי פלעגען זיין צוזאַמען. זעהענדיג, אַז האַרינגטאָן זוכט זיך אַרויסצומאַכען פון איהר און אַז ער קוקט אַלץ אין אַ באַשטימטער ריכטונג, ווי ער וואָלט אַרויסגעקוקט, געוואַרט אויף עמיצען, האָט לינדאַ פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אויף היינט אָפגערעדט צו טרעפען זיך, מסתמא, מיט אַן אַנדער מיידעל, דאָס האָט, באמת, איהר שטאַרק נישט געאַרט. נישט צוליב דעם האָט זי געוואַרט אויף איהם איצט. איהר גאַנץ לעבען, אַלע איהרע געדאַנקען, אַלע איהרע געפיהלען זענען איצט אָפּהענגיג געווען פון אַ זאַך, וואָס האָט לחלוטין גאָרנישט געהאט צו טון מיט האַרינגטאָנען. זי האָט געוואַרט אויף איהם, נאָר כדי צו בעטען ביי איהם דאָס געלט, וואָס זי האָט איהם געגעבען באהאלטען פון איהרעטוועגען, איבערלאָזענדיג עס ביי איהם נאָך יעדען מאָל, ווען זיי פלעגען זיין צוזאַמען. דער אָנגעשטעלטער איז שטאַרק צופרידען געבליבען, ווען ער האָט דערהערט צוליב וואָס זי האָט איהם אָפגעוואַרט. ער האָט געפיהלט, ווי אַ שטיין איז איהם אַראָפּ פון הארצען: ער האָט איהר גלייך אָפּגעגעבען דאָס געלט, וואָס זי האָט געהאט ביי איהם; האָט אַרויסגעשטאַמעלט אַן אַנטשולדיגונג און איז אַוועק. לינדאַ האָט צוגעכאַפּט דאָס געלט מיט אַ באַמערקבאַרער גיריגקייט. מען האָט געקענט מיינען, אַז זי

איז א שרעקליכע קמצנטע. דאס דאזיגע געלט איז איהרס, אינגאנצען איהר געלט. דאס איינציגע, דאס טייערסטע, וואס זי פארמאגט אויף דער וועלט. דאס דאזיגע געלט באדייטעט פאר איהר פרייהייט. פאר אט דעם דאזיגען געלט וועט זי דורכפיהרען איהר נקמה; אן ענדע מאכען מיט'ן טשינא. זי האט עס געהאלטען צוזאמענגעדריקט פעסט אין איהר האנט; און, ציטערענדיג פאר פרייד און אנגענעהמער גליקליכער איבער־ראשונג, איז זי אוועקגעלאפען קויפען א רעוואלווער. זי איז אוועק אין באַ־קא, מורא האבענדיג, אז אין באראקאס זאל זי עמיצער פון די באקאנטע נישט באמערקען, נישט דערזעהן. א לאנגע ווייל איז זי ארומגעגאנגען זוכענדיג א געוועהר־קראם. זי האט אלע ווייל אומגעדרעהט דעם קאפ, מורא האבענדיג, אז דער טשינא זאל זיך, פלוצים, נישט באווייזען. זי האט זיך פארגעשטעלט אין געדאנק, אוים מורא, אוים איבערגעראשט־קייט, אז דער מאלעווא קען פלוצים ארויסקומען פון הינטער יעדען גאַ־סען־ראַג, אז ער וועט זיך א לאז טון צו איהר, אנשטויסענדיג זיך, אז זי האט געלט ביי זיך, און אז ער וועט גלייך נעמען פאדערען זי זאל איהם עס אפגעבען. זי האט אבער געהאט באשלאסען ביי זיך צו פארטיידיגען דאס דאזיגע געלט איהרס, מיט לייב און לעבען, איינ־בייסען זיך אין דעם מיט די צייהנער און די נעגעל, און ווי א טיגרעכע זיך וועהרען געגען דעם טשינא.

דערווייל איז נאכט געווארען; אבער אין די הויפט־גאסען פון באקא איז דער צופלוס פון דורכגעהער נישט געווארען קלענער.

ענדליך האט זי דערזעהן א געשעפט פון געוועהר. לינדא איז ווי צוגעקלעפט געווארען צום שויפענסטער, פארחושט פון באגייסטערונג צו זעהן אזוי פיל רעוואלווערען, אלע אזעלכע שעהנע, אזעלכע גלאנציגע, אזעלכע אנרעגענדיגע. זי האט געהאלטען אין איין אויסקלייבען מיט דער ראיה, וועלכען זי זאל קויפען, צי דעם, צי יענעם. זי האט, באמת, נישט געקענט זיך קיין עצה געבען, אז אלע זענען איהר געווען אזוי געפעלען. און צום סוף האט זי נאך אלץ קיין מוט נישט געהאט אריינצוגעהן אין געשעפט אינעווייניג : אז אין גאס פארביי דער קראם געהן דורך אזוי פיל מענשען !... און איהר האט זיך געדאכט, אז אלע קוקען אויף איהר, אז אלע לייענען אראפ ביי איהר פון פנים, וואס זי האט פארטראכט צו טון... זי האט געכאפט א קוק אינעווייניג אין געשעפט. קיינער נישטא.

## אין אַ פאָרשטאָדט

קיין איין קונה נישט אפילו. זי האָט דערשפירט, אַז עס וואַרפט איהר אין אַ היץ, אין אַ קעלט, אַז זי ציטערט אינגאַנצען. האָט זי געטראַכט וועגען דעם אומרעכט, וואָס דאָס לעבען איז באַגאַנגען געגען איהר, וועגען איהרע גרוילהאַפטיגע ליידען — און זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, מיט כוח און געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָראויס. די פיס איהרע, גלייך ווי זיי וואָלטען געווען אָנגעגאָסען מיט בליי, וואָס שלעפּט זיי צו דער ערד, האָבען קוים קוים זיך באַוואויגען פאָראויס. אָבער, אַז זי האָט איבערגעטראָטען די שוועל פון דער געוועהר־קראָם, האָט זי דערזעהן, ווי דער אָנגעשטעלטער נעמט פון איהר קיין אויג נישט אַראָפּ. האָט זי אַ טראַכט געטון, אַז אויב דער דאָזיגער מאַן וועט באַמערקען, אַז זי איז אַזוי צוטראָגען, אויפגערעגט, פאַרחושט, וועט ער זיך נאָך עפּעס אָנשטויסען און וועט איהר גאָרנישט וועלען פאַרקויפען קיין רעוואָלווער. האָט זי אָנגעזאַמעלט איהר גאַנצען ווילען און כח אין די פיס און איז צוגעגאַנגען צו איהם.

— מען האָט מיר באַאויפטראַגט... — האָט זי אַרויסגערעדט, קוקענדיג מיט אַ צעשטרייטען בליק נישט אויף איהם — צו קויפען אַ רעוואָלווער... אַ גוטען... דאָס איז פאַר'ן טאַטען... ער האָט געזאָגט איך זאָל עס קויפען...

אין אַ שעה אַרום איז זי געקומען אַהיים צו זיך, אין דעם שמוציגען צימער־לאָך, טראָגענדיג דעם רעוואָלווער אַ גוט פאַרפּאַקטען און באַהאַלטען. זי האָט פאַרשלאָסען הינטער זיך די טיר אויפ'ן שלאָס; זי האָט איהם צעפּאַקט. געגלעט. געצערטעלט. זיך נישט געקענט אָנקוקען זאַט אין איהם. זי האָט איהם צוגעדריקט צו איהר ברוסט. און איז אַזוי געבליבען זיצען אַ לאַנגע צייט, שפּיגלענדיג זיך אין איהם, וויינענדיג צומאָלס, לאַכענדיג צומאָלס, און טראַכטענדיג פון איהר באַפרייאונג. דערנאָך האָט זי געעפענט די טיר, האָט אַראָפּגענידערט די דריי שטאַפּלען פון דעם הילצערנעם לייטערל. עס איז שוין געווען שטאָק־נאַכט. נאָר אין איינעם פון די אַנדערע דריי צימערען האָט זיך געזעהן ליכט. און דאָרטען אין דעם באָדען פון ווייבער ערד — ווייל פון צייט צו צייט פלעגט דאָרטען פאַרגאָסען ווערען פון אָנקומענדיגען געוויסער און דער באָדען איז געווען ווייך — האָט זי אויסגעגראָבען אַ גריבעל און באַהאַלטען דאָרטען, גוט באַוואָרענט איהר טייערען אוצר, אין דער האָפנונג, איז

מאנועל גאלוועס

דער דערוואַרטונג אויף יענעם מאָמענט, דעם שרעקליכען און דעם געגאַר־טען, דעם היים־געוואונשענעם מאָמענט פון איהר באַפרייאונג, וואָס וועט דאָך, וואָס מוז דאָך אַמאָל אָנקומען פאַר איהר.

# אַכטער קאַפּיטעל

איינמאָל אין אַ אָווענט, ווען ראָסאַלינדאַ און האַרינגטאָן זענען גע־ווען אויפ׳ן וועג צו זיין שטוב, וואוהין ער פלעגט איהר ברענגען צוויי מאָל וועכענטליך, האָט דער אָנגעשטעלטער באַמערקט, אַז אַ פּאַרשוין פאָלגט זיי נאָך. כדי צו אָפּוועגדען איהם פון זייערע שפּורען, האָט האַ־רינגטאָן געפונען אַן אויסרייד, אַז ער דאַרף טוישען געלט און ער האָט גענומען ראָסאַלינדאַ׳ן מיט זיך אין אַ קאָטש, — ער, וואָס האָט אַזוי מורא געהאט, אַז עמיצער זאָל איהם זעהן אין דער באַגלייטונג פון פרויען — ביז אַ טויש־הויז פון געלט, וואָס געפינט זיך אין וואוּלטאַ דע ראָ־טשאַ. שפּעטער, ווען זיי זענען שוין געקומען צו איהם אהיים, האָט ער דורכ׳ן באַלקאָן אַראָפּגעקוקט אין גאַס אַריין און האָט באַמערקט דעם זעלבען פּאַרשוין שטעהן אויפ׳ן ראָג. ווען דאָס מיידעל איז אַוועק, האָט ער איהר נאָכגעקוקט דורך אַ פענסטער און געזעהן, ווי זי איז צוגעקומען צו יענעם פּאַרשוין, וואָס האָט געוואַרט ביים ראָג־גאָס, און פון דאָרטען זענען זיי שוין ביידע צוזאַמען אַוועק. דאָס אַלעס האָט איהם שטאַרק נישט געשמעקט און ביים ערשטען באַגעגענען זיך מיט איהר נאָך דעם, האָט ער עס איהר, זיין געליבטער, גלייך געזאָגט.

זיי האָבען גערעדט אין גאַס, אויף אַן איינזאַם פּלאַץ. דער טשינאָ האָט פון ווייטענס זיי נאָכגעשפּירט.

— איך האָב איהם נישט ליב, מיינט נישט וועגען מיר אַזעלכעס — האָט ראָסאַלינדאַ געשוואוירען — איך האָס איהם. איך קען איהם נישט ליידען. ער איז אַ פאַרדאָרבענער נפש, ער שלאָגט מיך. ער נעמט אַוועק ביי מיר דאָס געלט...

— ניין, ס׳איז נישט דערפאַר, וואָס דו האָסט איהם ליב. ס׳געהט

מיר נישט אָן... ס'איז דערפאַר, וואָס איך וויל נישט האָבען קיין שום געמיינזאַמעס מיט אַ מאַלעוואַ, מיט אַ היצעל פון אַזאַ מין, ווי יענער איז...

און ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען, מורא האָבענדיג טאָמער דערזעהט איהם עמיצער, ווי ער שטעהט און רעדט מיטן מיידעל: און בשעת מעשה האָט ער אומאויפהערענדיג געסמאָקעט אין מויל פּאַסטילקעס פון מיאַטע.

— עס וועט אייך נישט געשעהן קיין בייז, ער וועט אייך קיין שום שלעכטס נישט טון — האָט ראָסאַלינדאַ מיט איהם איינגעטענהעט — ער ווייסט דאָך פון אַלץ. ער אַליין האָט דאָך געוואָלט מיר צווינגען, אַז כ'זאָל געהן זוכען מענער... צו פאַרדינען...

— אָה, אָה, איז עס נאָך ערגער, טאָכטערשע, נאָך ערגער; איז ער. אַלזאָ, אַ פּרויען־עקספּלואַטאַטאָר. אַ פאַרברעכער. אפשר איז ער נאָך אַ רופיאַן, אַ רוצח, ווער ווייס?... איך קען נאָך ווען נישט איז פּלוצים אריינגעשלעפּט ווערען, פאַרמישט ווערען מיט איהם, אָדער דורך איהם אין אַן אומאַנגענעהמען אינצידענט. ניין, טאָכטערשע. עס טוט מיר באמת זעהר לייד, אָבער... איצט נעמט עס אַן ענדע...

דאַן האָט ראָסאַלינדאַ אויסדערצעהלט פאַר איהם, אין געצעהלטע ווערטער בלויז, איהר אַנגעוועהטאָגט האַרץ. איהר גאַנץ לעבען, דאָס פייגפולע, די שרעקליכע גרוילען פון איהר לעבען האָט זי פאַר איהם אויסגעדערצעהלט. זי האָט געמיינט, אַז זי וועט איהם דורך דעם ריהרען, ווייכער מאַכען זיין האַרץ. זי האָט איהם געזאָגט, אַז די שעה'ען, וואָס זי פאַרברענגט אינ'ם פריגאַריפיסאָ און די מאָמענטען, וואָס זי פאַרוויילט מיט איהם אין זיין שטוב, זענען די איינציגע טרייסט־מאָמענטען אין איהר לעבען. און אין אַ מאָמענט פון עמאָציע, מיינענדיג, באמת, אַז דער דאָזיגער מענש וואָלט איהר געקענט ראַטעווען, האָט זי, וויינענדיג, איהם געבעטען, אַז ער זאָל איהר נעמען מיט זיך, צו זיך, אַז ער זאָל איהר ערגיץ אויסבאַהאַלטען פונ'ם טשינאָ.

— אייער דינסט וועל איך זיין, סעניאָר, אויב איהר ליבט מיך נישט. אָבער, ראַטעוועט מיך!... אין נאָמען פון אייער מוטער, טוט עס. ראַטעוועט אַן עלענט שוצלאָז מיידעל!...

האַרינגטאָן האָט אַ קוק געטון מיט אַ בליק פון טיפען רחמנות אויף דעם דאָזיגען אָרימען, פאַרווּיסטען נפש. ער האָט, באמת, מיטלייד גע־

האט מיט איהר; אָבער וואָס קען ער העלפען? אוועקנעמען זי ביים מאַ־לעווא, וואָלט געהייסען אויסשטעלען זיך, במזיד, צו א שארפער סכנה... מיטטיילען דער פאָליציי פון דעם? און וואָס וועט זיין, אז די חברים פון דעם פארברעכער וועלען דערנאָך זיך אָפּרעכענען מיט איהם. דער־פאר, ענמען פון איהם נקמה, ווי זיי זענען פעהיג? דאָס בעסטע, דאָס גלייכסטע איז, בכלל, זיך נישט צו מישען אין דעם דאָזיגען עסק, ער וויל נישט און דאַרף נישט האָבען אזעלכע עסקים. זיין איינציגע השגה און אמביציע איז געווען לעבען וואויל, רוהיג, אָהן אומאַנגענעהמליכקייטען, און געניסען פונ'ם רייץ און פון דער גלוסטיגקייט פון די שעהנסטע מייד־לאך, וואָס ארבייטען אינ'ם פריגאַריפיקאַ. און וואָס דאָס דאָזיגע אָרימע מיידעל איז א קרבן פון א מאָנסטער, צו ווענען זי איז אריינגעפאַלען אין די נעגעל? נו, וואָס־זשע איז ער שולדיג?... ס'זענען פאראַן אויף דער וועלט זעהר פיל עהנליכע קרבנות! נו, זאָל ער זיך פון אלעם אָפּ־עסען דאָס הארץ? און, ווייטער, ווער ווייסט, צי איז עס טאַקע אַלעס אמת, וואָס דאָס מיידעל דערצעהלט?... מען איז דען מחויב גלויבען איהר אַלעס? ווער ווייסט צי דאָס מיידעל מאַכט נישט דעם אַנשטעל נאָר און אין דער אמת'ען איז זי אין אַלעם צופרידען און איינשטימיג מיט'ן פאַרדאָרבענעם יונג? ניין. אנטשידען! ס'נעמט איצט צו דעם א סוף.

— גלויבט מיר, אז עס טוט מיר לייד ביז דער נשמה, ווייל כ'האָב באמת דיך ליב געקריגען, אָבער... וואָס זאָל איך דיר טון? אז כ'האָב פּאַרט מורא...

— גוט, זאָל זיין אזוי — האָט ראָסאַלינדאַ פאַרענדיגט דעם גע־שפּרעך, טרויעריג און דערשיטערט פון אזא עגאָאיזם; און זי איז לאַנג־זאַם אוועק. דער אָנגעשטעלטער האָט אין דער זעלבער צייט געהאט די שפּירונג פון א טיפער פאַרלייכטערונג, ווי איינער, וואָס האָט זיך געראַ־טעוועט פון א טיפער און ערנסטער סכנה.

---

מיט א שטייגענדיגער אומגעדולדיגקייט, וואָס זייער מאָדנע צוזאַ־מענטרעפעניש אין גאַס, האָט ביי איהם ארויסגערופען, האָט דער טשינאַ אָפּגעוואַרט פון ווייטענס אויף ראָסאַלינדאַ'ן.

זי איז צוגעקומען און האָט איהם דערצעהלט, אז יענער האָט זיך „אָפּגעשפּיליעט", אז ער האָט איהם געגעבען דעם וועג. און שולדיג איז

ער, דער טשינאַ אַליין: נאָכמאָל פּלעג ער זיי תמיד נאָכגעהן, נאָכשפּי־רען פון ווייטענס... דער טשינאַ האָט זיך אָנגעשטויסען, אַז די מויד האָט שוין יענעם אויסדערצעהלט אַלעס.

— שוין... ביסט שוין געגאַנגען און אויסגעפּלאַפּלעט פאַר איהם אַלעס... האָסט שוין אויסגעפּלוישט מיט'ן פּיסק מיט דיינעם...

דעם מאַלעוואַ'ס הייזעריגע טעמפּע שטימע האָט עדות געזאָגט, ווי שטאַרק זיין צאָרן איז.

דער כעס, די ווילדע גרימעניש האָט איהם אַזוי געגרימט אין האַלדז, אַז ער האָט קוים געקענט אַ וואָרט אַרויסרעדען. איצט וועט דער אָנ־געשטעלטער געווים מיטטיילען וועגען איהם דער פּאָליציי. אָבער אויב מען וועט איהם פּאַקען — האָט ער מעהר אויסגעברומט ווי געזאָגט — אויב מען וועט איהם „איינזעצען אין קינע" מעג זי זיך שוין ריכטען, אַז גלאַט וועט עס איהר נישט אָפּגעהן; זי, ראַסאַלינדאַ, וועט שוין טייער באַצאָהלען פאַר דעם... נאָך ווי אַזוי: זיינע חברים וועלען זיך שוין מיט איהר אָפּרעכענען...

זיי זענען געגאַנגען ביידע פּאַזע דעם ברעג פון'ם ריאַטשועלאַ, ביי דער האַפענוואַנט. דער טשינאַ האָט געשוויגען. ער איז געוואָרען נאָך מעהר אימה'דיגער. זיין בליק האָט געפינקעלט מיט גרויל. ער האָט געשפּאַנט פאַראויס. דאָס מיידעל הינטער איהם. דער שרעק, די אימה, וואָס זי האָט איצט געפיהלט, האָט געמאַכט איהר פאַרלאַנגזאַמען די טריט. פון צייט צו צייט האָט דער מאַלעוואַ אומגעקעהרט דעם קאָפּ אין איהר ריכטונג און געכאַפּט אַ קוק, ווי זי געהט: ער האָט איהר נאָכגעשפּירט די טריט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז זי זאָל נישט מאַכען פּליטה, נישט אַנטלויפען פון זיינע שרעקליכע נעגעל. דערביי האָט ער געוואָרפען אויפ'ן מיידעל, יעדעס מאָל אַ קאַסען בליק, אַ קרומען, אַ קאַלטען, אַ שאַרפען, ווי אַ קלינגעל פון אַ מעסער און וואָס האָט איהר אויסגעזעהן נאָך שרעקליכער, נאָך אימה'דיגער, ווי זיין כעס, ווי זיינע באַליידיגונגען.

אַזוי אין דער שטום און ווערענד די זון האָט געהאַלטען אין אַראָפּ־נידערען, אין זעצען זיך אין דער זייט, וואָס איז געגענאיבער דעם לאַ פּלאַטאַ טייך, פאַרפלעקענדיג, אין איהר שקיעה, מיט אַ גרויסען בלוט־שטח יענעם ענדע־שטיק פון'ם ריאַטשועלאַ, זענען זיי צוגעקומען צום

# אין א פארשטאדט

פלאץ פונ'ם איבערשיפער, וואס פיהרט צום אינזעל. ראסאלינדא האט זיך אנגעשטויסען, אז דער מאלעווא האט פארטראכט עטוואס שרעקליכעס. און זי האט שוין מעהר נישט געצווייפעלט אין דעם, ווען, צוקומענדיג צו דער שטוב, האט ער זיך געשטעלט נעבען אריינגאנג, אנגענומען איהר פעסט פאר א האנט און מיט געוואלט געצוואונגען נאכצוגעהן איהם. „וואוהין פיהרט ער איהר?" איין ווײלע נאר האט עס געדויערט און ראסאלינדא האט פארשטאנען וואוהין... געצעהלטע טריט ווייטער האט דער בלוטענדיגער לאמטערן פונ'ם „על פאראל ראכא" (דער רויטער לאמטערן), געגאסען זיין טראגישע ליכט איבער'ן גאס און איבער די שכנה'שע הייזער. ראסאלינדא איז געוועהנט געווען צו בלוט, איבער איהר ארבייט אינ'ם פריגאריפיקא און פונדעסטוועגען האט יענע פורפורליכט, וואס האט געשטראמט, ווי בלוט פונ'ם לאמטערן ארויסגערופען ביי איהר געדאנקען וועגען פארברעכענס און שווערע אימה'דיגע קאשמארען.

זיי זענען אריין אין יענעם פלאץ, וואס ראסאלינדא האט נישט געקענט. עס איז געווען א מין געמיש פון א באר־הויז, א סינעמאטאגראף און א שאנד־הויז פון דעם געמיינסטען מין. א לאנגער הויף מיט אן ערדענעם פאל, א דאך פון צינק־בלעך און צימערלאך ארום און ארום דעם הויף, פון אלע זייטען. דער טשינא האט צוגערוקט ראסאלינדא'ן צו א ווינקעל, ווי פארשטעלענדיג איהר דעם וועג צום אנטלויפען. זי איז געבליבען זיצען דארטען נעבען א טישעל, באהערשט אינגאנצען פון אנגסט און שרעק. אויף דעם ליילעכל פון דער הינטערגרונד וואנט, א מין עקראן, איז „געגאנגען" א פילם פון „פרייען זשאנר", א רייהע סצענעס פון דער העכסטער מאוסקייט, נבלה־אקטען און אומאנשטענדיגקייט, וואס מען קען זיך נאר פארשטעלען. די גאנצע מענשליכע מיזעריע און איבעלדיגקייט, און איהר שענדליכסטער, באדויערהאפטיגער נאקעטקייט האט מען דארטען, אין דעם „זשאנר" געקענט זעהן. אלע געמיינסטע פארדארבענקייטען, זיטען־פארקריפלונג און דאס ערגסטע פון אלעם: דאס טרייבען דעם שענדליכסטען מסחר אויף די בעסטיאלע אינסטינקטען.

לינדא, א פארשעהמטע, האט נישט געוואלט קוקען אויף דעם לייטער, אינעווענדיג איז געווען ווינציג עולם. עטליכע פרויען, שמוציגע, פארשליומפערטע „טשינאס", מיט פארקויטיגטע קליידער, צעפאטעלטע,

פון וועלכע עס האט זיך געטראָפען א שלעכטער גערוך און פּנים'ער אויס־געוואלקעוועטע פון שלעכטע ביליגע פודער, האבען געקושט מענער. ביי א טישעל זענען געזעסען פיר ענגלישע מאטראסען, שיכור'ע, און האבען געקוקט מיט עקסטאז אויפ'ן פילם און האבען זיך ממש געקאטשעט פון געלעכטערייען און כאכאטשערייען, אויסדריקענדיג דערמיט זייער העס־ליכע הנאה.

אז דער פילם איז געענדיגט געווארען, האבען די ענגלענדער פאר־הילכט דאס פלאץ מיט זייערע שטארקע אפּלאוזען און געשריען ווי די משוגעים, בעטענדיג מען זאל איהם איבער'חזרען. מען האט זיך אבער קיין וועזען נישט געמאכט פון זייערע קולות. דאן האבען זיי אלע אין כאר גענומען זינגען א לידעל, וואס האט זיך אנגעהויבען אזוי:

**Two Lovely black eyes...**

צום צווייטען פערז איז דער ניגון פונ'ם לידעל געגאנגען שטילער און אזוי וואס ווייטער אלץ נידעריגער אין טאן ביז דער געזאנג איז ארי־בער בלויז אין א פליסטער, אין א שטילען געמורמעל; און מיט אמאל מיט איין שפרונג, האט ער ווידער אויסגעבראכען הויך, שאלענדיג, שרייענ־דיג, קראכענדיג און ווילד:

**Two Lovely black eyes...**

לינדא'ן האט גערופען די אויפמערקזאמקייט איינער פון די ענגלענ־דער. עס איז געווען א געוואלדיגער בחורעץ, א מורא געווען א קוק צו טון אויף איהם. געקליידעט ווי א מאטראס, האט אויף זיין כמעט פיר־קאנטיגען פלאכען קאפּ געטאנצט א קליינינג שמאל קאסקעטעל; און דאס האט נאך מעהר אונטערגעשטראכען דעם אומגעלומפּערטען גראָ־טעסקען אויסזעהן פון דעם דאזיגען מארנעם פארשוין. ער האט געהאט אין זיך עטוואס עהנליכעס צו א קלאון און לינדא'ן האט גענומען ווארפען אין שרעק א קוק טוענדיג אויף איהם. ס'ארא קליינינקע אויגעלאך ער האט געהאט, ס'ארא פארקרומט, פארדרעהט מויל, סארא אומגעהויערע און באוואקסענע הענט, מעהר עהנליכע צו לאפּעס! די נאז פון אומ־גלויבליכער ברייטקייט און פלאך, ווי צוגעפּלעטשט כמעט צום פּנים, איז געווען פארבויגען ארויפצו, ווי ביי א געוויסער ראסע הינט. אלע האבען דארטען געטריבען שפּאס איבער זיין שרעקליכער מיאוסקייט, איבער זיין לעכערליכען אויסזעהן, ער האט אבער זיך נישט געמאכט קיין וועזען פון

## אין אַ פאַרשטאָדט

דעם און האָט געהאַלטען אין איין טרינקען, זויפען, זינגען, שרייען און געוואַלדעווען, ווי אַ ווילדער. די פרויען, אוים מורא, האָבען נישט גע־וואַלט צוגעהן צום טישעל, וואו דער דאָזיגער פאַרשוין איז געזעסען.

---

אין דער זעלבער צייט האָט דער טשינאָ געפיהרט אַ שמועס מיט דער באַלעבאָסטע פונם געשעפט: אַ פרוי פון אַ יאָהר פופציג, אַ טונ־קעלע און אַ דאַרע, וועלכע איז רייך געוואָרען אין באַהיאַ בלאַנקאַ, האַנד־לענדיג מיט לעבעדיגער סחורה.

— איך פאַרקויף זי דיר שוין, דאָ אויפ'ן פלאַץ, פאַטראָנאַ...

— אוי, אוי!... אָט דאָס דאָזיגע שעהנינקע טייבעלע?... אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס דאָן טעלעספאָראָ איז גראָדע נישטאָ איצט. אַ שעהנינקע... פאַר איהם ווי אָנגעמאָסטען...

אין די אָווענטען פלעגט די דאָזיגע פרוי אויפנעמען אייניגע איינ־פלוסרייכע „פריינט", פּראָווינץ־פּאָליטיקער, וואָס האָבען איהר פּראָטע־זשירט און וועמען זי פלעגט, דערפאַר, צושטעלען אין בוענאָס איירעס „אַנטיקלאָך", „אַ געשמאַקען ביסען". דאָן טעלעספאָראָ איז געווען אַן אָרטיגער קאַאודיזשאָ און אַ דעפּוטאַט אין דער פּראָווינץ.

— ס'מאַכט נישט — האָט דער טשינאָ געענטפערט — קענסט אָנ־באָטען וועמען דו ווילסט, ס'געהט מיר נישט אָן... אָט יענעם „גרינגאָ". וואָס געוואַלדעוועט, אויב דו ווילסט...

— אוי, אוי, יענעם ווילדען! אָבער אויב ער וויל...

— געה, געה, טו איהם אַ פרעג, און שוין, באַלעבאָסטע... נאָמיר האָבען אַביסעל פון וואָס צו לאַכען...

די פרוי האָט אָנגעבאָטען דאָס מיידעל די ענגלענדער. צוויי האָ־בען זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פאַרשלאָג; אָבער דער מאָנסטער, מיט'ן פלאַכען מאַלפּעשען געזיכט און קליין קאַסקעטעל אויפ'ן פּירקאַנטיגען פלאַכען קאָפּ, האָט געטון אַ פלעטש צו מיט זיינע צוויי לאַפּעוואַטע הענט די אַקסלען פון זיינע צוויי מיטזיצער און איז אַ ווייל געבליבען אויף דעם אָרט ווי פאַרשטאַרצט. יענע האָבען זיך נישט געקענט ריהרען פון בענקעל, יעדער איינער פון זיי איז געבליבען אַזוי זיצען מיט אַן אַראָפּ־געבויגענעם אַקסעל אונטער דער לאַפּע פונ'ם גיגאַנט און אַלע בייוועזענ־דיגע האָבען געקייכט פון געלעכטער, קוקענדיג אויף דער האַלטונג, אויף

דעם לעבערליבען אויסזועהן פון די דריי פארשוינען. דערנאך האט דער דאזיגער מאנסטער לאנגזאם אומגעקעהרט דעם קא און דערזעהן ראסא־לינדרא'ן וועלכע האט נישט געוואוסט וואס מען האט דא אפגערעדט ווע־גען איהר און וואס מען וויל דא פון איהר. דער ענגלענדער איז קוים מיט צרות אויפגעשטאנען און שאקלענדיג זיך פון שיכרות, האט ער זיך געלאזט געהן צו איהר. ראסאלינדא, א דערשראקענע, האט געוואלט אנט־לויפען: דער טשינא, אבער, האט איהר פארהאלטען און האט איהר אי־בערגעגעבען דעם ענגלענדער:

— דא וועט זיך עס פארקאכען א גערולע! — האט עמיצער א געשריי געטון.

פון די צימערען זענען ארוים האלב נאקעטע פרויען און מענער. די באלעבאסטע האט געהייסען פארשליסען די גאס־טיר. דער ענגלענדער האט א נעם געטון ראסאלינדרא'ן פאר דער טאליע און האט זי אויפגע־הויבען. זי האט יאמערליך, אנגסטליך געוויינט, געשריען, גערופען צו הילף. זי האט איהם געפאטשט אין פנים, געדראפעט, געביסען; די אומ־גליקליכע האט גערופען דעם טשינא, ער זאל איהר שיצען און ער איז געזעסען און עס צוגעזעהן מיט א פינסטערען, געלען, גרוילאנווארפענדי־גען שמייכעל. די באלעבאסטע האט געכיכיקעט, מיט איהר קוויטשעדיג קול'כעל: „ אוי, אוי, קוקט איהם נאר אן דעם אלטען נואף!" דער גאנ־צער עולם, וואס איז געווען דארטען, איז געשטאנען פון ווייטענס און צוגעזעהן די שרעקליכע סצענע. דער ענגלענדער האט געקושט זיין קרבן, בעת פון זיינע גראבע לעפצען האט גערונען קלעפעדיגע סלינע; דערנאך האט ער זיך אומגעקעהרט מיט'ן פנים צום עולם, וואס איז געשטאנען פון ווייטענס. דער אויסדרוק פון זיין געזיכט איז געווען צומאלס ווי פון א פוריע, ווי פון א מאנסטער און צומאלס לאכענדיג, האט ער זיך געהאל־טען איינגאנצען ווי א קלאון, וואס האט ערשט ארויסגעווארפען א קונציג שפיצעל אוןווארט אויפ'ן אפלאוז פון פובליקום. און זיינע טיש־חברים, די אנדערע מאטראסען, האבען אלץ געזונגען:

Two Lovely black eyes...

פלוצים האט זיך דעם ענגלענדער פארוואלט פארענדיגען ביז'ן סוף זיין שמוציגע געוואגטקייט. אלע אנוועזענדיגע האבען גלייך באמערקט זיין באשלום.

## אין א פאַרשטאָדט

— אַצינד וועט קומען דאָס בעסטע!
— ס'אַראַ נ'אַנטיק, האַ!
— איהר הערט! ער זינגט נאָך!
— טאו לעוולי בלעק איים!... (צוויי ליבע שוואַרצע אויגען...)

עס איז פאַרגעקומען עטוואָס שרעקליכעס. דער ענגלענדער, עקס־ציטירט, ווילד, גרימצאַרענדיג, מיט צוזאַמענגעדריקטע ליפען און בלאָנד־זשענדיגע שיכורע בליקען, האָט א וואָרף געטון זיין קרבן אויף דעם פאָל און אליין ארויפגעפאַלען אויף איהר. ראָסאַלינדא האָט ארויסגעלאָזט א א שרעקליכען קוויטש, אַן אומגעהויער אנגסטליכען געשריי, וואָס האָט אנגעפילט דעם חלל מיט גרויל, מיט אימה, עס האָט אָבער קיינעם נישט געריהרט. אַלע, וואָס זענען דאָרטען געווען, האָבען איינגעהאַלטען די חושים, קאָנצענטרירענדיג אַלעס אין דער ראיה, פרעסענדיג ממש מיט די אויגען יעדער מינדסטע קלייניגקייט פון דער שווידערליכער סצענע. און כדי, חלילה, נישט צו פאַרזעהן, נישט צו דורכלאָזען עפּעס וואָס פון דעם, האָבען זיי זיך אַפילו איינגעהאַלטען פון נבול פה'דיגע אויסגע־שרייען. א טראַגישע שטילשווייגעניש, איינינגע האָבען שטיל איינגע־האַלטען, אונטערגעביכיקעט.

ווען דער ענגלענדער, ברומענדיג עפּעס אין זיין לשון, האָט אָפּגע־לאָזט זיין קרבן, האָט אויסגעבראָכען א געווירבעל פון רעדעריי, געלעכ־טעריי און געשרייען. די פּיאַנאָ, וואָס האָט באַגלייט דעם גאַנג פון די פילמס, האָט ווידער גענומען שפּילען. דער טשינאָ, אַן איינזאַמער, א ביטערער, פאַרביסענער און פינסטערען צאָרן, האָט גרויליג געשמייכעלט.
ראָסאַלינדא איז געלעגען אויף דער ערד א גע'חלשטע.

## ניינטער קאַפּיטעל

יענע נאַכט האָט זי באַשלאָסען צו דערמאָרדען דעם טשינאָ.

אין אַ מאָמענט, ווען דער טשינאָ איז אַרויס פון שטוב צו קויפען ציגאַרעטען, איז ראָסאַלינדאַ אַראָפּ אין הויף. עס איז געווען אַ וואונדערבאַר שעהנע אויסגעשטערענטע נאַכט. די הייזער האָבען אויסגעזעהן ווי באַדעקטע מיט גרויסע ווייסע לייווענט־שטיקער. אַ ברייטע און לאַנגע שטילקייט האָט געהויערט איבער דער דרעמלענדיגער פאָרשטאָדט. דער בריק־פּאַראָם האָט ווי אַ שד, ווי אַ מלאך פון'ם פאָרשטאָדט, געוואַכט איבער דעם דאָזיגען שלאָף, הויך, אונטער די שטערען.

ראָסאַלינדאַ האָט אויסגעגראָבען דעם רעוואָלווער, וועלכער איז געווען באַהאַלטען דאָרטען אין אַ גריבעל, איינגעוויקעלט אין פּאַפּירען; זי האָט איהם אָנגעלאָדען מיט פינף קוילען און די אַנדערע האָט זי פאַרוואָרפען. דערנאָך איז זי צוריק אַרויף אין צימער און געבליבען וואַרטען אויף דעם טשינאָ. אַזוי ווי זי האָט געהאט וועהטאָגליך פאַרוואונדעט אַ האַנט, בעת'ן געוואַלט־אַקט פון יענעם אָווענט, און די האַנט איז געווען פאַרבונדען, האָט זי געקענט פאַרבאַהאַלטען דעם רעוואָלווער אין דעם באַנד פון דער פאַרוואונדעטער האַנט. אין אַ ווײַלע אַרום איז אָנגעקומען דער טשינאָ, און אַ וואָרט נישט רעדענדיג האָט ער זיך געלעגט שלאָפען. זי איז געבליבען זיצען אויפ'ן בענקעל, ליידענדיג איהרע שווערע פיזישע שמערצען און איהר אומגעהויערען אַנגסט, ליידענדיג אין דער שטיל, כדי נישט צו אויפ'רגז'ענען דעם טשינאָ.

אום האַלבע נאַכט, האָט דער מאַלעוואָ דערהערט אַ שאָרך; ער האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, זייענדיג אין שטענדיגען פאַרזיכט און

אומצוטרוי; ער איז אָבער פאַרבליבען אומבאַוועגליך, ער האָט געזעהן. ווי ראָסאַלינדאַ געהט צו צום בעט און קוקט אויף איהם. און ער האָט גלייך זיך אָנגעשטויסען, פאַרשטאַנען אַלעס. ער האָט אין דעם זעלבען הרף־עין פלינק אַ ציה און אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און אָנגעכאַפּט דעם אָרעם פון'ם מיידעל. לינדאַ, איבערראַשט און דערשראָקען, האָט אַראָפּגעלאָזט דעם רעוואָלווער און איז אַוועק אויף צוריק, צו דער וואַנט צו, ווי זוכענדיג דאָרטען צו שיצען זיך. די אויגען פון'ם מאַלעוואַ האָבען גרויליג געלויכטען מיט אַ ווייסען בליאַסק אין דער פינסטערניש פון'ם צימער. ער האָט אומגעוואָרפען דאָס מיידעל אויפ'ן פאָל און האָט איהר געטופּעט מיט די פיס, ביז זי איז געבליבען אין חלשות.

און דאָרטען האָט ער זי געלאָזט אַזוי ליגען, אַ גע'חלשטע, אָהן שום הילף און האָט זיך תיכף צוריקגעלעגט שלאָפען, גלייך עס וואָלט גאָר נישט געווען געשעהן.

---

יענע נאַכט זענען אָפּגעשטאָרבען אַלע ראָסאַלינדאַ'ס האָפנונגען. צוזאַמען מיט יענעם רעוואָלווער, וואָס האָט פאַר איהר באַדייטעט איהר פרייהייט, איהר נקמה, איהר לעבען זעלבסט, האָט דער טשינאַ אַוועקגענומען ביי איהר; אַלעס, אַפילו איהר איניגסטען וואונש פון באַפרייאונג. איצט איז זי געווען נישט מעהר ווי אַ זאַך, ווי אַ וואָסער נישט איז אַנדער זאַך, וואָס געהער דעם טשינאַ, זיינס אַן אייגענטום, פּונקט אַזוי זיינע אַ זאַך, ווי זיין „טשאַמבערגאַ“, אָדער זיינע שיך. אָדער בעסער געזאָגט: זי איז געווען זיינע אַ זאַך, ווי איינער פון יענע אינסטרומענטען צו עפענען טירען, מיט וועלכע ער, דער גנב, באַנוצט זיך, און וואָס ברענגט איהם אריין געלט, ווארום זי איז דאָך אויך געווען איצט נאָר אַ זאַך צו אריינברענגען הכנסה, אַ מאַשין צו פאַרדינען געלט.

דער טשינאַ האָט איהר פולשטענדיג אומגעבראַכט.

און אַזוי ווי מיט'ן איינציגען קליידעל, וואָס זי האָט פאַרמאָגט, און דערצו נאָך אַ שמוציגס, און אָפּגעטראָגענס, אַ צעטריפּעטס און שלעכט פאַרצירעוועטס און מיט אונטערוועש, וואָס איז געווען צוריסען און געהאַט אַ שלעכטען גערוך, האָט זי נישט געקענט אַ ר ב י י ט ע ן אין בוענאָס איירעס און נישט אַפילו אין אַוועזשאַנעדאַ, האָט זי אָנגעהויבען אומגעהן דורך נעכט איבער דער גאַס פאַקונדאַ קיראָגאַ אינ'ם שטעדטעל

פון דאָס סור. איהרע קליענטען זענען געווען די מאַטראָסען פון די שיפען פון ארום און איניגע דייטשען פון די רעסטאָראַנען און באַר־הייזער, וואָס זענען פאַראַן אין יענער גאַס. ווען זי האָט געקענט פאַרבעסערען אביסעל איהר הולך, האָט ראָסאַלינדאַ אַנגעהויבען אָפט באַזוכען איניגע גאַסען פון אַוועזשאַנדאַ. דער טשינאַ האָט שטענדיג געוואַכט, געהיט איהר. איצט אָבער פלעגט ער שוין נישט צונעמען ביי איהר דאָס גאַנצע געלט, וואָס זי פלעגט פאַרדינען, פאַרשטעהענדיג, אַז איצט דאַרף זי זיך קליי־דען עטוואָס מעהר אַנשטענדיגער און אויסגעבען אויך אויף זאַכען פון שמינק און פוצעריי, אויף פודער, רוזש און ביליגען פאַרפום. פון יענעם אומגעהן „אַרבייטען" איבער די גאַסען פון אַוועזשאַנדאַ, איז ראָסאַ־לינדאַ „געשטיגען" צו ווערען אַ „פּראָטעזשירטע" פון סאַטורנינאַ'ן. די אַלטע „טשינגאַנאַ" האָט איצט זיך געהאַט אומגעקעהרט צו איהר אַל־טער באַשעפטיגונג: זי איז ווידער געוואָרען אַ טרעפּערקע, אַ קאָרטען־וואָראָזשקע און האָט געוואוינט איצט נישט ווייט פון באָעדאָ. אין דער שטיל אָבער, האָט זי זיך באַשעפטיגט מיט פרויען־האַנדעל, דינענדיג אַלס צונויפפיהרערקע. זי האָט אַריינגעכאַפּט לינדאַ'ן אין איהר רשות, גלייך זי וואָלט געווען איהרס אַן אייגענטום. זי האָט איהר אַזוי עקספּלאָאַטירט עטליכע חדשים, ביז לינדאַ האָט שוין אויפגעהערט אַריינצוברענגען עפּעס. אין יענעם געגענט.

דאַן האָט איהר דער טשינאַ אַוועקגעפיהרט אין אַנדערע געגענטען פון שטאָדט און אונטער'ן שטאָדט.

שפּעהטער און בעסער געקליידעט, מיט פעהיגקייטען אַזעלכע, וואָס זי אַליין האָט נישט געוואוסט און נישט געגלויבט אויף זיך צו קענען פאַרפוצען זיך, שפּעהטער מאַכען זיך און צוציהען מענער, האָט ראָסאַלינ־דאַ, דורך דער פאַרמיטלונג פון אַנדערע מיידלאַך, זיך דערוואוסט פון איניגע „געהיימע הייזער" פון דעם דרום־טייל פון שטאָדט. אָבער דער אויסזעהן און דער אופן ווי דער טשינאַ האָט זיך אויפגעפיהרט האָבען אַרויסגערופען חשד און צוריקגעהאַלטענקייט ביי די „דאַמעס" פון יענע „קלאַנדעסטינאָס" און דאָס מיידעל האָט לאַנג נישט געקענט אַריינקומען אַהין און זי האָט ווידער געמוזט ווערען אַ גאַסען־מויד, ווערען אַ „זשיראַ" (אומוואַנדערקע), ווי דער מאַלעוואַ פלעגט ער אַרויסרעדען מיט אַן אויס־שפּראַך, ווי אין איטאַליעניש.

## אין א פּאַרשטאָדט

און אזוי איז ראָסאַלינדאַ ביסלעכווייז, שריט בײַ שריט איבערגע־גאַנגען און דורכגעמאַכט אַליין, דעם גאַנצען שמוץ, די גאַנצע געזונקענ־קייט און שאַנדע, אַלע זומפּיגקייטען און מיאוסקייטען, וואָס איז פאַראַן אין דער גרויסער שטאָדט בוענאָס איירעס. איהר קערפּער האָט זיך גע־לעגט אויף די שמוציגסטע און מיזעראַבעלסטע געלעגערען, וואָס קענען נאָר מעגליך זיין. אַלע „אַמועבלאַדאָס“ פון ב. איירעס האָבען איהר געהאַט פאַר א גאַסט. זי האָט אומגעשפּאַנט, „געאַרבייט“ אויף קאַזשאַאַ און אויף פּועירעדאָן, אויף פּאַסעאָ דע כוליאָ און אויף סאַן כואַן; אויף אַלע „אַווענידאַס“ פון דער אומגעהויערער שטאָדט, אויף אַלע איהרע גרויסע גאַסען, וואו נאָר עס געהען און שפּאַצירען אום א סך מענשען. זי איז געווען אַן אַפּטע אַריינגעהערקע און „זיצערין“ אין די קינעמאַטאָגראַפען, וואָס האָבען א שלעכטען נאָמען, אין די קאָנדיטערייען, אין וועלכע מייד־לאַך קומען אַריין צו זוכען מענער. די מאָדנע געביידע פון דער וואַסער־לייטונג, דער ריזיגער בנין פון דעם מעדיצינישען פאַקולטעט, האָבען גע־זעהן איהר אומאויפהערענדיגען לאַנגזאַמען אומשפּאַנען הין ־ און ־ צוריק ארום זיי און אין דער אומגעגענט, איהר לאַנגזאַמען אומגעהן, זו־כענדיג איהר ברויט און שנעל־פאַרבייגעהענדיגע פרייהייט. אַלע גאַסען האָבען שוין געקענט איהר שעהנע שלאַנקע פיגור, איהרע כוואַליענדיגע היפּטען, וואָס האָבען עקסציטירט די מענער, איהרע גראָבע תאוה'דיגע ליפּען, איהרע בלאָנדע האָר.

צומאָלס איז זי אזוי פיל און אזוי לאַנג אומגעגאַנגען, אז איהרע כחות האָבען מעהר נישט געלאַנגט פאַר פאַרמאַטערטקייט. עס האָט גע־טראָפען טעג, ווען איהר איז אויסגעקומען אומפּלאַנקען זיך אזוי אויף דער זעלבער גאַס, אויף דעם זעלבען וועג, אַרויף און אַראָפּ, הין און צוריק א צעהן אָדער פופצעהן קילאָמעטער. עס זענען געווען פאַלען, ווען א דער־שעפּטע, א פאַרמאַטערטע פון אזוי פיל געהן און אָהן א סענט אין קע־שענע צו קענען אַריינגעהן אין א קאַפע־הויז און אונטער'ן אויסרייד פון טרינקען א קאווע, צוזעצען זיך א ווייל אָפּרוהען, איז איהר געקומען אויפ'ן געדאַנק א פאַרלאַנג איבערצוגעבען זיך דעם ערשטען בעסטען, אַום וועט איהר אַנטקעגענקומען, אומזיסט בעדאַי, אַבי צו קענען א ווײַלע אויסציהען איהר פאַרמאַטערטען קערפּער אין א געלעגער.

זי האָט נישט געפיהלט קיין שום פיזישען פאַרגעניגען אין יענע

נידעריגע און קורצע עפּיזאָדען, וועלכע זענען נאָר אַ קאַריקאַטור אויף ליבע. זי פלעגט נאָר פיהלען אַ גרויסען און טיפען רחמנות צו די מענער. און אַז זי האָט געזעהן, אַז זיי האָבען געגנום פון איהרע לאַסקעס, איבערהויפּט ווען זי האָט זיך אָנגעשטויסען, אָדער געטראָפען די טרויעריגקייט פון זייער לעבען, דאַן פלעגט זי יאָ עפּעס ווי שפּירען אַ מין זעלטענעם, מאָדנעם פאַרגעניגען אין איהר נשמה, אַ גענוס, וואָס האָט אָבער גאָרנישט געהאט צו טון מיט איהר אָרימען אומגליקליכען קערפּער.

זי האָט שלום געמאַכט מיט איהר געזינקען, נידערטרעכטיגען לעבען און זי האָט אַזוי ווייט עס געפּועלט ביי זיך, אַז זי האָט עס באַטראַכט שוין אפילו פאַר וואויל. ווארום יענע מאָמענטען, אין וועלכע זי פלעגט זיך פאַרקויפען, זענען געווען די איינציגע, אין איהר לעבען, וואָס האָבען איהר געגעבען די שפּירונג פון פרייהייט. זי פלעגט זיך דאַן פיהלען ווייט פון דעם טשינאָ, פריי פון איהם; און זי פלעגט אין יענע מאָמענטען זוכען אַביסעלע פאַרגעניגען, אַביסעלע גענוס, אַ הרף־עין׳דיגע צערטליכקייט, פאַרשטעלענדיג זיך, אַז אויף אַזאַ אופן נעמט זי נקמה פון דעם טשינאָ.

איהרע צופעליגע באַגלייטער זענען געווען תמיד מענשען שוין מיטעלע אין די יאָהרען, פאַרשווינען, וואָס האָבען אַ בירגערליכען באַזאכטען אויסזעהן, באַאמטע אפשר. מענער פון יענעם מין, וואָס שטעהן אויף די גאַס־ראָגען און קוקען נאָך די פרויען מיט אויגען בלאָנדזשענדיגע און גלוסטענדיגע, האָפענדיג צו קענען קויפען דאָרטען ג ו ט, זייער וועכענטליכע פאַרציע ליבע, און זיי פאַסמאַקעווען עס אויס מיט די ליפען און בליקען. אמאָל זענען עס אָבער געווען אויך אַלטע, גוטינקע און ברייטהערציגע זקנים; צומאָלס אפילו פּזרנים און אויך קאָרומפּירטע און פאַרדאָרבענע; זיי פלעגען איהר באַהאנדלען מיט ליבע, צאַרט, מילד און אפילו מיט זאַנפטקייט און זיי פלעגען דערביי אַרויסווייזען זיך לעכערליך, אין זייערע פאַרדאָרבענע געמיינקייטען. עס פלעגט אָבער, צומאָלס, טרעפען, אַז זי האָט געפּאַקט מיזעראַבעלע מענער, פאַרדאָרבענע פאַרברעכערישע פאַרשווינען, וואָס פלעגען איהר שלעכט באַהאנדלען, מיסברויכענדיג מיט איהר שוצלאָזיגקייט; אָדער זיי פלעגען איהר אָפּלאָזען אומבאַצאָהלט, אָדער גאָר אָנשטעקען קראַנקהייטען.

# אין אַ פאַרשטאָדט

זי האָט לחלוטין פאַרלוירען דעם זין פון איהר וועזענטליכקייט. סיין פיצעל „איך“ נישט געהאַט. קיין אַהנונג פון איהר אייגענער פערזאָן און אַז זי איז אינגאַנצען צוגעוועהנט געוואָרען, אַריינגעזינקען אין דעם ראָזיגען לעבען, האָט זי אויפגעהערט צו האָבען געדאַנקען, אידעען וועגען וואָס איז שלעכט און וואָס איז גוט. איהר אַמביציע איז באַשטאַנען נאָר אין קענען ברענגען דעם טשינאָ יעדער נאַכט, עטליכע היבשע פעזעס, און זי האָט אין דעם אַריינגעגעבען איהר פראָפעסיאָנעלע אייגענליבע. ווען, כדומה למשל, פאָהרענדיג צוריק קיין אַוועזשאַנעדא, האָט זי זיך צופעליג געטראָפען מיט אַ באַקאַנטער פון דעם זעלביגען פאַך און זיי האָבען זיך צערעדט פון זייערע פאַרדינסטען אין יענעם אָווענט, פלעגט ראָסאַלינדאַ פיהלען אַן איניגסטען שטאָלץ, אויב זי האָט געפיהרט מיט זיך מעהר געלט, ווי יענע, די אַנדערע. זי האָט נישט געהאַט קיין שום שטרעבונג, צו געניסען, צו פאַרוויילונגען, צו וועלכער ניט איז פאַרבעסערונג אין איהר לעבען. צו טרעפען זיך מיט אַ באַקאַנטען, באַקומען גוט באַצאָהלט, אָדער געהן „אויף צימער“ מיט אַ לעבעדיגען, פרעהליכען יונגאַטש, וואָס קען און ווייסט, ווי צו מאַכען אויפוועקען אין איהר איהר כמעט אײנגעשלאָפענע, אָפגעטעמפּט געוואָרענע סענסיביליטעט — דאָס זענען געווען גליקליכע, אויסערגעוועהנליכע געשעהענישען אין איהר לעבען. זי האָט גאָר נישט באַגריפען, אַז זי זאָל קענען אַמאָל ארויס פון דעם לעבען, איבערלאָזען אַזאַ אַרט לעבען. דאָס דאָזיגע, דאָס איצטיגע, דאָס לעבען, וואָס זי פיהרט, איז דאָס באַשטימטע, דאָס אַנטשידענדיגע, דאָס איינציגע מעגליכע לעבען פאַר איהר. דער געדאַנק צו אַנטלויפען פלעגט שוין ניט נאָר נישט קומען איהר אין מוח, נאָר ער פלעגט אַפילו אין פאָרשטעלונג איהר נישט דורכגעהן. עס האָט זיך איהר אַפילו געדאַכט, צומאָלס, אַז זי פיהלט עפּעס ווי אַ געפיהל פון אַ מין צערטליכקייט צום מאַלעוואָ, הגם אין דער זעלבער צייט האָט זי געגאַרט צו זיין וואָס ווייטער פון זיין שרעקליכער אָנוועזענהייט. זי האָט איהם באַטראַכט פאַר „איהר מאַנסביל, פאַר איהר „זכר“ און אַלס אַזעלכען איז זי איהם געווען געהאָרכזאַם, בלינד אויסגעפאָלגט זיין ווילען, זייענדיג אינגאַנצען איבערגעגעבען יענעמס ווילען אין אַ מין צושטאַנד פון אייגענער באַוואוסטלאָזיגקייט.

דער מאַלעוואַ האָט אָבער נישט אויפגעגעבען זיין רשעות. אַז ראָ־סאַלינדאַ פלעגט אַמאָל קומען אַהיים מיט לעדיגע הענט, אָדער מיט ווינ־ציג „פרנסה“, פלעגט דער פאַרדאַרבענער, דער באַרבאַר נוקם זיין זיך אין איהר אויף אַ ווילדען אופן. זיין באַליבטער אופן פון פייניגען איהר איז געווען אומוואַלגערען איהר אויף דער ערד און טאַפּטשען איהר דעם קער־פּער מיט די פיס. אין פּנים פלעגט ער איהר שלאָגען זעהר זעלטען, ווייל דאָס געזיכט איז דאָך געווען, וואָס ציהט צו אין גאַס די מענער; וואָס רופט די אויפמערקזאַמקייט; דאָס דאָזיגע, הייסט עס, וואָס האָט איהם אריינגעבראַכט געלט.

און ראָסאַלינדאַ האָט שוין געהאַט שלום געמאַכט אויך מיט די קלעפּ און מיט די פייניגונגען. זי האָט שוין אַליין געגלויבט, אַז זי איז עס ווערט, אַז זי האָט פאַרדינט די קלעפּ. זי פלעגט טראַכטען, אַז זי איז שלעכט צום טשינאָ. און אויף מאָרגען נאָך די קלעפּ, פלעגט זי צוריק און ווידער זיך ברענגען אין אָרדנונג, ווי נאָר עס איז איהר מעגליך געווען בעסער עס צו טון, אריינברענגענדיג אין דעם מעהר פעהיגקייט און פאַכ־קענטעניש: זי האָט זיך גוט אָנגעפּאַרבט די אויגען, דאָס מויל; און אין גאַס פלעגט זי מעהר אָנשטרענגען, מעהר איבערטרייבען איהרע געוועהנ־ליכע מיטלען און אופנים צו פאַראינטערעסירען, צו רופען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, כדי מען זאָל איהר נאָכגעהן. זי פלעגט פאַרגרעסע־רען דאָס וויגען פון איהרע היפטען, בעת׳ן געהן, זי האָט מעהר געוואונקען, געשמייכעלט מיט האַלב־צוגעשלאָסענע אויגען, זי האָט באַוואויגען מיט די אַקסלען, זי פלעגט פאַרטשעפּען דורכגעהענדיג, ווי נישט ווילענדיג די מענער, וואָס זענען לאַנגזאַם געגאַנגען איבער די טונקעלע טראָטואַרען, אָדער וואָס פלעגען אין די גאַסען נאָכקוקען מיט תאוה׳דיגע בליקען די פאַרבייגעהענדיגע פרויען.

און אַזוי זענען אַוועקגעגאַנגען וואָכען און חדשים. ראָסאַלינדאַ האָט שוין נישט געהאַט קיינע אילוזיעס, נישט קיין דרעאַינערונגען. זי האָט נישט געטרוימט, נישט זי האָט געלעבט. מען וואָלט געקענט זאָגען, אַז די נשמה איז ביי איהר פאַרלוירען געגאַנגען. זי האָט געלעבט אַן אויס־שליסליך מאַטעריעלע עקזיסטענץ. ווען זי איז נישט געגאַנגען אין גאַס, פלעגט זי פאַרברענגען דעם טאָג שלאָפענדיג. שלאָפען און עסען — זענען געווען איהרע איינציגע פאַרגעניגענס. דער טשינאָ פלעגט איהר אַמאָל

באַלוינען מיט מאכלים פון די גאַסטראָנאָמישע געשעפטען, קאָנסערוו־שפייזען אָדער זיסע נאַשערייען. דאַן האָט זיך ראָסאַלינדאַ געפיהלט גליקליך, זיך געפרעהט און געלאַכט מיט אַ מין טעמפען, עטוואָס טאַמעוואַטען געלעכטער.

דער טשינאָ האָט איהר דערפיהרט דערצו, אַז זי איז פאַרמישט געוואָרען אין זיינע מעשים. זי האָט געטון אַלעס, וואָס ער פלעגט איהר הייסען און דערביי איז איהר אין געדאַנק ניט דורכגעגאַנגען אַפילו אויף איין מאָמענט, אַז דאָס, וואָס זי טוט, איז אַ פאַרברעכן. אָפּגעמאַכט מיט דעם באַלעבאָס פון אַן „אַמועבלאַדאַ“, וואוהין ראָסאַלינדאַ פלעגט פיהרען איהרע „געסט“, פלעגט דער טשינאָ זיך אַריינשלייכען פריהער אין צימער און בעת זי פלעגט קושען און פאַרשאַפען פאַרגעניגען דעם „גאַסט“, פלעגט דער טשינאָ פויזען אויף אַלע פיר אויפ׳ן פאָל, שלייכען אין דער שטיל און אַרויס׳גנבענען אַ טייל פונ׳ם געלט ביים קליענט פון די קעשענעס. ראָסאַלינדאַ האָט אויך נישט געהאט גאָרנישט דאַגעגען צו דעם דאָזיגען „אָפּמאַך“. אדרבה, דאָס דאָזיגע פלעגט איהר פאַרוויילען; זי פלעגט דערנאָך צוזאַמען מיט׳ן טשינאָ שפּאָטען און לאַכען, טראַכטענדיג וועגען דעם, ווי מען האָט עס אזוי קונציג „אויסגעטרייבערט דעם יאָלד“ און וואָס פאַר אַ זויערען פּנים ער וועט מאַכען, ווען ער וועט דערזעהן דעם לאָך אין זיין בייטעלע... אַן אַנדערש מאָל האָט מען זיך באַנוצט מיט איהר ווי מיט אַ „וואַכפּאָסטען“, אַ „גלאָק“ אויף זייער פאַרברעכערישען אויספראַך, בעת מען איז געגאַנגען באַ׳גנבענען עמיצען. און אַ סך מאָל, ווען זי איז געפאָהרען צוזאַמען מיט׳ן טשינאָ אויף דער פלאַטפאָרמע פון אַן איבערגעפאַקטען טראַמוואַי, פלעגט יענער גנב אויסלעדיגען פלינק די קעשענע ביי אַ פאַרשוין, וואָס איז געווען, בעת מעשה, פאַרטון אין פלירטעווען, אין איבערווינקען זיך מיט איהר, און זי איז שוין פון פריהער געווען צוגעגרייט און איינגעאיבט פאַר אַזעלכע פאַלען און וויסען ווי צו אָפּאַרבייטען עם קיילעכדיג און געשיקט. אַזוי ווייט, אַז זי האָט איינמאָל אַפילו איינגעוויליגט צו ווערען פאַרמישט אין רויב־אָנפאַלען, פיהרענדיג דורך איינזאַמע פינסטערע גאַסען, שפּעט אין דער נאַכט, אַ פאַרשוין, וועלכער איז איהר נאָכגעגאַנגען.

ראָסאַלינדאַ׳ן האָט נישט גע׳חידושט אַפילו, אויף זיך אַליין, וואָס זי לאָזט זיך צו טון אָדער מיטצוהעלפען אין אַזעלכע געמיינקייטען.

זי האָט נישט געטראַכט און נישט געקענט טראַכטען וועגען גאָרנישט. זי האָט לאַנגזאַם, בהדרגה'דיג, טריט נאָך טריט, געהאַלטען אין איין פאַר־לירען דעם מאָראַלען זין; און טאָמער פלעגט איהר אַמאָל, זעהר זעלטען, באַפאַלען אַ מין חרטה־געפיהל, עטוואָס עהנליכעס צו געוויסענביסע, האָט זי עס לייכט פאַרטריבען, אָפגעווענדעט פון זיך מיט'ן תירוץ, אַז זי טוט דאָך עס נישט; זי טוט נאָר וואָס דער טשינאָ הייסט, זי דערפילט נאָר דעם ווילען פונ'ם טשינאָ, און דאָס מוז זי דאָך טון, ווייל זי איז דעם טשינאָ'ס אַ זאַך, אַ חפץ זיינער; ווארום זי איז נישט זי, נאָר דאָס, וואָס דער טשינאָ פאַרלאַנגט; און דערום ווייסט זי גאָרנישט און איז פאַר קיין זאַך נישט פאַראַנטוואָרטליך.

און דאָך פלעגט טרעפען אַמאָל, ווען דער טשינאָ איז נישט געווען אין דער היים, אַז זי פלעגט בלייבען זיצען אומבאַוועגליך, אַ האַלבע שעה, אַ גאַנצע שעה, ווי פאַרשטאַרט מיט'ן פּנים צווישען די הענט, זי פלעגט זיך דאַן פיהלען ווי אַ פאַרחושט געוואָרענע, ווי אַ אידיאָטיזירטע. זי וויל זיך דערמאָנען אין עפּעס, טראַכטען וועגען עפּעס, און די דער־אינערונגען, און די געדאַנקען צעפליהען זיך ביי איהר, גליטשען זיך ארויס, אַנטלויפען; נישט מעגליך צו צונויפנעמען זיי. און זי האָט סוף כל סוף אָנגעהויבען גלויבען ,אַז איהר לעבען איז נאָר אַן אויסדאַכטעניש, אַ מין חלום, אַ שווערער שרעקליכער חלום, פון וועלכען זי כאַפּט זיך נישט אויף, פון וועלכען זי קען זיך נישט אויפכאַפּען. אַן אַנדערש מאָל, און דאָס דאָזיגע פלעגט טרעפען שוין גאָר זעהר זעלטען, פלעגט אַזאַ פאַר־טראַכטקייט איהרע ענדיגען זיך מיט דעם, וואָס זי פלעגט אָנהויבען ווייי־נען, אַליין נישט וויסענדיג פאַרוואָס און נאָך וואָס זי וויינט...

א י ן  אַ  פ אָ ר ש ט אָ ד ט

## צעהנטער קאַפּיטעל

איינמאָל פאַרנאַכט, האָט זי באַגעגענט איסאַורא'ן אין איינער פון די באַראַקאַסער טרויעריגע אָרימע געסלאַך, וואו עס זענען געווען פיל קליינינקע הייזקעס, מיט אָפּגעצאַמטע הילצערנע שטאַכעטלאַך, הינטער וועלכע עס איז געהאַנגען געוואַשענע וועש צו טריקענען. ראָסאַלינדאַ האָט זי געוואָלט אויסמיידען, באַהאַלטען זיך פאַר איהר; אָבער איסאַורא איז צוגעגאַנגען צו איהר. איהר חבר'טע האָט חתונה געהאַט און איז געווען גליקליך.

— און דו? — האָט זי געפרעגט ראָסאַלינדאַ'ן — וואָס איז מיט דיר?

ראָסאַלינדאַ האָט אַ קוק געטון אויף איהר חבר'טע, אַ דערשטוינטע, גלייך די דאָזיגע פראַגע וואָלט געווען די מאָדנעסטע, וואָס מען קען איהר שטעלען. איסאַורא האָט ביז דאַן גאָרנישט געוואוסט, וואָס איז געוואָרען מיט ראָסאַלינדאַ'ן, נישט וואָס דאָס לעבען האָט פון איהר געמאַכט. זי האָט באַאָבאַכט, אויפמערקזאַם איהר אַמאָליגע חבר'טע, איהר פריינדין פון צוריק מיט עטליכע יאָהר און אין איהרע אויגען, אין איהר קליידען זיך, און הויפּטזעכליך אין איהר האַלטונג און אופן פון איהר גאַנצער פיהרונג, האָט זי דערקענט, האָט זי געזעהן דעם אָפּגרונט, אין וועלכען יענע איז אַריינגעפאַלען. אַ טיפער צער, אַן אומענדליכער פּיין האָט געמאַכט אַראָפּלאָזען איסאַורא'ן דעם קאָפּ.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי איהר אַ זאָג געטון:

— דאַניעל דערמאָנט דיך תמיד. פון צייט צו צייט זעה איך איהם. ווארום מיין מאַן איז אַ מוליער פון פאַך, ווי ער, און ביידע געהערען זיי צום זעלביגען פאַך־פאַראיין. דאַניעל האָט דיך ליב, לינדאַ; פאַרוואָס

## מאנועל גאלוועס

ביסטו אוועק מיט'ן טשינגא?

ראָסאַלינדאַ'ן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען רעדט צו איהר וועגען עפּעס אומפאַרשטענדליכע זאַכען. ווי אַ תּמ'עוואַטע האָט זי געקוקט מיט אַ טעמפּען שווערען בּליק אין איין זייט, אין אַ צווייטער, און האָט נישט געענטפערט. דערנאָך האָט זי אָנגעשטעלט די אויגען אויף איסאַורא'ן. דאָן ערשט האָט זיך איהר אויפ'ן געזיכט באַוויזען אַ קוים באַמערקבּאַ־רער שמייכעל, גלייך זי וואָלט ערשט איצט אָנגעהויבּען פאַרשטעהן, וועגען וואָס מען רעדט מיט איהר; דערנאָך איז איהר געזיכט מיט אַמאָל טרויעריג, שמערצליך געוואָרען. איהר בּליק איז געוואָרען ווינציגער בּלאָנדזשענדיג, ווינציגער צעשטרייט. איסאַורא האָט באַלד צוגעגעבּען. גיכער כדי צו זאָגען עפּעס, כדי אָן ענדע צו מאַכען צו יענער דערדריי־קענדיגער שווייגעניש, צו דעם פּיינליכען שווערען צושטאַנד און שטי־מונג, וואָס ראָסאַלינדאַ און איהר האַלטונג האָבּען געשאַפען:

— שאַ, ווייסט גאָר וואָס? אויב דו ווילסט, קענסטו מאָרגען זעהן דאַניעל פּאַרטי'ן. דער פּאַראַיין פיהרט דורך מאָרגען אַ שפּאַציר־אויספלוג אויפ'ן אינזעל מאַסיעל. אין האָפען מאָרגען צעהן דעם זייגער...

אַזוי ווי ראָסאַלינדאַ האָט איהר גאָרנישט געזאָגט, גאָרנישט גע־ענטפערט, האָט איסאַורא זיך צעזעגענט מיט איהר. איסאַורא האָט זיך אָנגעשטויסען וועגען ראָסאַלינדאַ'ס פאַרשקלאָפּט לעבּען. ס'אַרא טרויע־ריגען איינדרוק זי האָט אויף איהר געמאַכט! זי האָט אָבּער נישט פאַר־שטאַנען דעם דאָזיגען מאָדנעם צושטאַנד, פון עפּעס אַ שלאָף, פון אַ תּמ'ע־וואַטע, אין וועלכען איהר אַמאָליגע חבר'טע, ווי איהר האָט זיך געדאַכט, לעבּט...

---

אַ ווײַלע איז ראָסאַלינדאַ פאַרבּליבּען אויפ'ן זעלבּען פּלאַץ, וואו אי־סאַורא האָט זי איבּערגעלאָזט. איהר חבר'טעס לעצטע ווערטער האָבּען איהר ווי איינגעגעסען זיך אין מוח; ווי פאַרצויבּערט איהר: „אין האָפען, מאָרגען צעהן דעם זייגער"... די דאָזיגע ווערטער האָבּען, ווי דורכגעהאַקט אַ חלל אין דער מיט פון די געדיכטע וואָלקענס, וואָס האָבּען איינגעהילט איהר וועזען, וואָס האָבּען אַריינגעדרונגען אין איהר נשמה און געדריקט; וואָס האָבּען איהר געהאַט פאַרשטעלט די אויגען און די אויערען: וואָס האָבּען איהר געפיהרט דורכ'ן לעבּען אַהין ווילען און אַהין לחלוטין צו וויסען וואוהין זי געהט.

## אין אַ פֿאַרשטאָדט

זי איז געגאַנגען צום צימערל, אין וועלכען זי האָט געוואוינט, אין אַוועזשאַנעדאַ, אַריין אַהינצו און דאָרט האָט זי זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט. איהר געוויסען האָט אָנגעהויבען לאַנגזאַם אויפֿצעוואַכען. לאַנגע חדשים שוין, אַז זי האָט נישט אַ קוק געטון, נישט אַ טראַכט געטון מכוח דער ווירקליכקייט. זי האָט זיך דעראינערט אין איהר פֿריהערדיג לעבען. זי האָט אַ טראַכט געטון פֿון איהר פֿאָטער, זי האָט געטראַכט פֿון דאַניעל פּאָרטי, פֿון זיינע קושען, וואָס ער האָט איהר געגעבען, פֿון זיינע ווער־טער וועגען ליבע, וואָס ער פֿלעגט צו איהר ריידען און זי האָט ערשט פֿאַרשטאַנען, ווי ווייט און טיף זי איז געפֿאַלען און געזונקען. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זי איז אַ טייל פֿון דעם ערגסטען, שמוציגסטען, געמיינס־טען קויט, וואָס איז נאָר פֿאַראַן אויף דער ערד, אַז זי איז אַ פֿאַרברע־כערין, וואָס האָט כשר פֿאַרדינט די תפיסה. און פֿאַרוואָס? ווארום? זי האָט קיינמאָל נישט געוואָלט פֿאַרקויפֿען איהר קערפּער; נישט זי האָט געוואָלט, ווען נישט איז, ווערען אַן אַנטיילנעמערין, זיין פֿאַרמישט אין דעם טשינאָ׳ס פֿאַרברעכענס. זי האָט זיך איצט דערמאָנט אין איהר העלדישען ווידערשטאַנד, וואָס זי האָט איהם אַרויסגעוויזען, גאָר פֿון אָנ־פֿאַנג, ווען ער האָט איהר דאָס ערשטע מאָל געוואָלט פֿאַרגוואַלטען; און שפּעטער, ווי העלדיש און פֿאַר׳עקשנט זי האָט זיך געוועהרט, ווען ער האָט דורך קלעפּ און כל׳ערליי עינויים געפּאָדערט, געוואָלט צווינגען איהר צו פֿאַרקויפֿען איהר קערפּער. ניין, זי איז נישט שולדיג. דער טשינאָ האָט איהר באַהערשט; ער האָט פֿאַרניכטעט איהר ווילען; ער האָט איהר געמאַכט פֿאַר זיינס אַ באַשעפֿעניש, פֿאַר אַ זאַך פֿון זיין איי־גענטום; טאָ וואָס איז זי שולדיג. ער האָט איבער איהר געשאַפֿען, פֿאַר־אָרדענט און זי האָט געהאָרכזאַם אויסגעפֿאָלגט. וואָס דען אַנדערש האָט זי געקענט מאַכען, אויב נישט זיין איהם געהאָרכזאַם? זי האָט זיך גע־פֿיהלט אָהן כחות. אַבסאָלוט אויסגעלעדיגט פֿון ווילען. זי האָט אַפֿילו קיין קרעפֿטען נישט געהאַט צו וועלען זיין פֿריי. און איצט זענען געקו־מען אָט יענע ווערטער איסאַוראַ׳ס, אויפֿצוטרייסלען, אויפֿצורודערען איהר לעבען, וואָס איז ביז דאַן געווען רוהיג, רוהיג אינ׳ם פֿאַרברעכען אָהן חרטה, אָהן געוויסענביסע, אָהן נאָכטראַכטונגען, רוהיג אין אַבסאָלוטער אָפּגעוועזענהייט פֿון אייגענווילען, רוהיג אין האָבען שלום געמאַכט מיט איהר גורל, אין האָבען געפֿועלט ביי זיך צו ז ייןנאָר אַ זאַך, אַן איינפֿאַך

ווערקצייג, אַ שטיק לייב בלויז, נישט מעהר.
„מאָרגען צעהן דעם זייגער אין האַפען"...

---

און זי איז געגאַנגען.

דער טשינאַ האָט יענע נאַכט נישט גענעכטיגט אין דער היים, האָט זי געקענט אַרויסגעהן פריה.

עס איז געווען אַ פריהלינג־פריהמאָרגען; אַ בלאָנדער, אַ דערקוויקענ־דיג בלאָנדער. אַ פרעהליכע זון, אַ לאַכענדיגע, אַ יוגענטליכע, אַ פלינקע, האָט אומגעפיהרט איהר לייכט בערשטעלע איבער דער שאָלעכץ פון די שיפען; זי האָט זיך געהוידעט, געזיפעט, געשפּרונגען און גע'חנדעלט זיך איבער די וואַסערען פון דעם ריאַטשועלאָ; זי האָט געקלעפּט שטערענד־לאַך, און האָט זיי תיכף אַראָפּגענומען, אויף די מאַטשטעס, וואָס האָבען זיך געהוידעט ביים פאַרבייפאָהרען פון די מאָטאָר־שיפלאַך און פון די בוקסיר־שיפלאַך; זי האָט אָנגעפולט מיט חן די לופט, די זאַכען און די הימעל־האַרמאָנישקייט. אַ זיסע זאַנפטקייט פון לעבען.

ראָסאַלינדאַ האָט קוים אָבער, דאָס אַלעס באַמערקט. איהר גאַנץ וועזען איז געווען אין איין אומגעהויערער דערוואַרטונג. אַ ברייטער וועג, ברייט ווי דער ים, אומענדליך ווי איהר אומגליק, האָט זיך געצויגען דאָר־טען ווייט, דאָרטען וואו איהרע בליקען ענדיגען זיך, צו דער ענדע פון דעם לעבען, ביי דער ענדע פון דער וועלט. זי איז געגאַנגען און האָט מורא געהאט צו קומען; זי איז געגאַנגען און האָט געוואָלט, אַז דער וועג, וואָס ציהט זיך פאַר איהר זאָל זיך קיינמאָל נישט ענדיגען; און דערפאַר איז זי געגאַנגען לאַנגזאַם.

אין דעם האַפען, וואו מען שיפט זיך איין צו פאָהרען צום אינזעל, האָט זי געזעהן אַ סך, אַ גרויסע גרופּע מענשען. זי האָט זיי געזעהן און האָט נישט געוואָלט קוקען אַהינצו. זי האָט נישט געוואָלט, אַז איהר פריי־ערדיגער חתן זאָל איהר דערזעהן, בעת זייטיגע מענשען זענען פאַראַן דאָרטען. די אַנדערע וועלען אפשר גלייך דערקענען אויף איהר, אַז זי איז אַ פּראָסטיטוטקע, אַז זי איז אַ פאַרברעכערין. איז זי אַוועק עטוואָס פון ווייטען; און דאָרטען איז זי געבליבען שטעהן. זי האָט זיך אויס־געזוכט אַ פּלאַץ, פון וואַנען זי זאָל קענען זעהן און מען זאָל איהר נישט באַמערקען, און דאָרט איז זי געבליבען. און איהרע אַלע חושים זענען

## אין אַ פאָרשטאָדט

געווענדעט געווען, זענען אָנגעשטעלט געוואָרען אויף דער פאַרזאַמעלטער גרופּע מענשען. יענער איז ער עס, מסתמא, געוויס; יענער מוז זיין דאַניעל פּאַרטי. ס'אַרא שעהנער יונגערמאַן ער איז!

ער האָט איצט אויסגעזעהן מעהר מאַן; אַ סך העכער, אַ סך בלאַנדער ווי פריהער. און ווי שעהן עס פּאַסט איהם דער הענגענדיגער, לויזער רויטער שניפּס! מעהר אָבער האָט זי נישט געקענט איהם באַאָבאַכטען פון וויטענס, ווייל די מענער האָבען אָנגעהויבען אַראָפּגעהן פון דעם איינשיפונגס־פּלאַץ און דורכ'ן לייטערל אַראָפּלאָזען זיך אויף דעם מאַטאַר־שיפּעל. פּאַרטי איז געווען איינער פון די לעצטע, וואָס איז אַראָפּ פון האַפען איינצושיפען זיך.

ראָסאַלינדאַ איז צוגעגאַנגען צום איינשיף־פּלאַץ. אַלע זענען שוין דאַן געזעסען אין די מאָטאָר־שיפלאַך פרעהליכע און רעשענדיגע. די מאָטאָרען האָבען שוין געקלאַפּט. דאָס וואַסער האָט זיך שוין געשפּאַלטען און צעעפענט אין גרויסע כוואַליעס און די מאָטאָר־שיפלאַך האָבען זיך דורך זיי שוין געשניטען אַ וועג צום צענטער פון טייך.

דאַן האָט ראָסאַלינדאַ דערהערט אַ געזאַנג. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט אַזאַ זינגען און דאָס זעלביגע ליד געהערט שוין מיט אַ סך צייט צוריק פיל מאָל. דאָס האָבען די אַרבייטער געזונגען דאָס ליד „היכאָ דעל פּועבלאָ“.

Hijos del pueblo te oprimen cadenas,
y ésta injusticia no puede seguir,
si tu existencia es un mundo de penas,
antes que esclavo prefiero morir.

ראָסאַלינדאַ האָט זיך דערנעהענטערט צום האַפען־וואַנט, וויפיל זי האָט געקענט. דאַן האָט זי דאַניעל דערזעהן. צוערשט איז ער געבליבען שטייף, ווי פאַרשטיינערט; דערנאָך האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ. ענדליך האָט ער דערוויזען אויפצוהויבען זיין האַנט און האָט גענומען פאָכען, באַוועגען מיט איהר אין לופטען. אין דעם מאָמענט איז אָפּגעפאָהרען דאָס צווייטע מאָטאָר־שיפעל. דער געזאַנג האָט אָנגעפולט דעם רוים. די שיפלאַך זענען געגאַנגען און דאָס געזאַנג האָט זיך געטראָגען אין לופטען. מען האָט שוין קוים קוים געקענט הערען די ווערטער פון ליד. די פערזען פונ'ם ליד, האָבען לאַנגזאַם אָנגעהויבען פאַרטווישט צו ווערען דורך דער ווייטקייט:

antes que esclavo prefiero morir.

## מאַנועל גאַלוועס

מען האָט שוין די מאָטאָר־שיפלאַך נישט געזעהן. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז דער טייך האָט זיי איינגעשלונגען. ראָסאַלינדאַ איז פאַרבליבען שטעהן אַ פאַרטראַכטע, ווי פאַרבליפט, קוקענדיג אין דער ריכטונג וואוהין די מאָטאָר־שיפלאַך זענען אַוועק. אַלץ האָט זיך אומגעקעהרט צו דער שווייגזאַמער רוהיגקייט. די שיפען האָבען גערוהט פון זייער טעגליכער אַרבייט. אויסגעשטעלט פאַראַלעל צו דער וואַנט פון דעם האַפען און אין עטליכע לאַנגע שורות, האָבען אַ גרויסע צאָל בוקסיר־שיפלאַך, פלאַכע, נידעריגע און אויסגעצויגענע עטוואָס אין דער לענג, געהויבען אין דער הויך, צום הימעל, דעם רייגעם און דעם ליכטיגען, די דאַרע און שוואַרצע רעהרען פון זייערע קוימענעס.

אין צענטער פונ׳ם טייך האָבען אומגעבלאָנדזשעט רודער־שיפלאַך, וואָס ווערען באַנוצט ביי שיפלאַך וועט־געיעג און די רודערס זייערע, ווי לאַנגזאַמע שטאַנגען פון אַ וואָג, האָבען אין איין עק געהאַלטען אין אַרויפשטייגען, ווערענד דער אַנדערער עק האָט אָנגעריהרט דאָס וואַסער. האַרט נעבען אָפּשטייג־אָרט אין האַפען, האָבען שטיל זיך געהוידעט, באַוועגענדיג זיך קוים־קוים אין זייער גלאַטען הויבען זיך, שיפלאַך און דאַמף־שיפלאַך.

דאָס אומאויפהערענדיגע דונערען פון איבערשיפער, וועלכער איז אָנגעקומען איבערן טייך, האָט צעשטרייט ראָסאַלינדאַ׳ס אויפמערקזאַמקייט. ווי נאָר די קאַמער וואָס האָט געפירט די מענשען איז צוגעקומען צום אריינגאַנג אין האַפען, איז פון איהר אינגעווייד פלוצים אַרויסגעשוואומען אַריבערגעשפּרונגען אויף אַן אומגעהויערער גרויסער שיף, און פון דאָרטען צום טייך, איבער וועלכען עס איז אַנטלאָפען דאָס מאָטאָר־שיפעל, אין וועלכען איהר אַמאָליגער חתן איז געפאָהרען.

די מאַטשטען און די קוימענס פון שיף האָבען פאַרשטעלט, ווי באַהאַלטען, דאָס וואַסער פון טייך, אין יענעם טייל זיינעם. און אַ פלעק פון אַ גרופּע ביימער ווייטער מעהר אַהין. און נאָך ווייטער אַ מיהל. ראָסאַלינדאַ האָט אַ טראַכט געטון, אַז די שיפען מוזען שוין זיין נאָהענט פונ׳ם „רעקרעאָ“; און דאָס האָט איהר געבראַכט זיך צו דערמאָנערען אין איהרע שפּאַצירען מיט דאַניעל׳ן, און אין זייערע ערשטע קושען, ווען זיי האָבען געטאַנצט אונטער׳ן קלאַנג פון דער אויטאָמאַטישער פּיאַנאָ, וואָס האָט אויסגעשפּילט אַ טאַנגאָ. און איהרע אויגען, באַדעקטע מיט טרעהרען האָבען שוין נישט געזעהן מעהר די לאַנדשאַפט...

## עלפטער קאפיטעל

יענעם זונטאג איז ראסאלינדא נישט געקומען צוריק צו זיך אהיים. זי האט זיך דערמאנט דעם אדרעס פון איסאורא און איז אוועק צו איהר. איהר פריינדין האט געוואוינט נישט ווייט פון דארטען, נאהענט צו דער פלאסא הערערא אין א שעהן, לעבהאפט געמאהלען שטיבעל. זי האט פארנומען א צימער אין אויבערשטען שטאק, הויך, וואס האט אויסגע־זעהן ווי אין די וואלקענס, און וואוהין מען האט געקענט ארויפקומען נאר דורך א שטארק קרומען, שיפוע'דיגען לייטער. און אזוי ווי די זייט פון דער שטוב, וואס איז ארויסגעגאנגען צום גאס צו איז געווען זעהר ני־דעריג, האט מען געקענט זעהן איסאורא'ס צימער פון גאס ארויס. פאר איהם איז געווען א פירקאנטיגער טיר־פענסטער און דער גאנצער פאסאד איז געווען געפארבט אין א פרישען פריהלינג־גרינס.

איסאורא איז געווען אליין. זי האט גענייהט. איהר מאן איז אויך אוועק צום אויספלוג אויפ'ן אינזעל מאסיעל.

— גוט האסטו געטון, וואס דו ביסט געקומען — האט איסאורא געזאגט צו איהר מיט א מוטערליכער צערטליכקייט — אבער דעם אמת וועל איך דיר זאגען, אז איך האב נישט געגלויבט, אז דו זאלסט קומען: נאך דער נעכטיגער באגעגעניש... כ'ווייס? כ'האב געמיינט, אז דו ווילסט שוין גארנישט וויסען פון מיר... און כ'האב אפילו געגלויבט, געדענקט... זיי מיר מוחל, לינדא... כ'האב געמיינט, אז דו ביסט שוין א פארלוירענע אויף שטענדיג... אויף אייביג.

— ניין, ניין, איסאורא. איך וויל ענדערען, בייטען מיין לעבען. העלף מיר. איא, איסאורא, דו וועסט מיר העלפען?

וואס מעהר ראסאלינדא האט גערעדט מיט איהר פריינדין, אלץ

מעהר האָט זי אָנגעהויבען צו באַקומען צוריק דעם באַוואוסטזיין פון איהר אייגענעם וועזען. זי האָט פאַר איהר אויסדערצעהלט דעם פיין און גע־מיינקייט פון איהר לעבען, נישט פאַרדעקענדיג, נישט איבערהיפּערענדיג, נישט פאַרלייקענענדיג קיין שום זאַך; זי האָט איהר דערצעהלט אַפילו וועגען איהר פאַרמישט זיין און אַנטוילגעמען אין פאַרברעכענס פון דעם טשינאָ. זי האָט זיך נוקם געווען אין איהר שווייגזאַמקייט אין משך פון חדשים און חדשים — ווארום מיט'ן טשינאָ פלעגט זי כמעט אַ וואָרט נישט רעדען — און זי האָט גערעדט דערפאַר איצט, מיט איהר חבר'טע, גערעדט אָהן שיעור, אָהן אָפּהאַלט, אָהן שום צוים. איסאַורא האָט פאַר־שטאַנען, ווי שווער עס וועט זיין צו אַרויסרייסען דאָס דאָזיגע מיידעל פון די נעגעל פון דעם פאַרברעכער; און זי האָט געזעהן נאָר איין ליי־זונג : לאָזען איהר באַשיצט ווערען פון דאַניעל פאַרטי, מאַכענדיג גע־גענשטעלען אַזא מין פאַרשוין אַ צווייטען שטאַרקען מאַן. דאַניעל וועט וואַהרשיינליך שוין ניט חתונה האָבען מיט לינדאַ'ן איצט, נאָכדעם ווי זי האָט געפיהרט אַזא מין לעבען. אָבער וועמען אַרט עס? און וואָס מאַכט עס דען אויס? איסאַורא'ן געהט קנאַפּ וואָס אַן „די בורזשואַזע מאָראַל און זאָרגענישען". זי האָט חתונה געהאַט פאַר אַ „פּרייהייטליך געזאָגענעם", איז זי אַליין אויך פּרייהייטליך, פאַרגעשריטען געזאָגט. ווי דאַניעל פאַרטי איז עס. מסתמא וועט דאַניעל פאַרטי קענען זיך צוזאַ־מענגעהן, לעבען מיט ראָסאַלינדאַ'ן און פאַר זיי איז אַזא מין פּאַראַיי־ניגונג אַזוי רעספּעקטפּול, ווי אַ חתונה. און איבערהויפּט, איז דען נישט זיין פליכט צו ראַטעווען דאָס דאָזיגע מיידעל? עס האַנדעלט זיך שוין נישט וועגען ראַטעווען איהר נאָר פון דעם פינסטערען, געזונקענעם, שלעכ־טען לעבען, וואָס זי פיהרט, פון דער פאַרשקלאַפּטקייט, אין וועלכער זי ווערט געפּייניגט, נייערט מען דאַרף איצט באַצייטענס ראַטעווען זי פון טורמע, פון יענער גרוילהאַפטיגער, מורא'דיגער זאַך, וואָס הייסט פּרויען־תפיסה.

— דו דאַרפסט דורכקומען, דערלעדיגען די דאָזיגע זאַך מיט דאַ־ניעל'ן — האָט געזאָגט איסאַורא, — ווארום מיטטיילען דער פּאָליציי וועגען דעם איז נישט מעגליך. די פּאָליציי... דו ווייסט דאָך... די פּאָ־ליציי איז אונזער גרעסטער שונא...

— און חוץ דעם, וואָלט מען דאָך מיך אויך איינגעזעצט אין תפיסה.

## אין א פאַרשטאָדט

און דערנאָך וואָלטען דעם טשינאַ'ס פריינט און זיינע חברים אָפּגערעכענט זיך מיט אייך דערפאַר... נקמה גענומען. זיי זענען דאָך אַזעלכע ביטערע רשעים, אָט די דאָזיגע „טאָיטאָס!"...

זיי האָבען צוזאַמען געגעסען מיטאָג. איסאַורא האָט געהאַט אַ מייד־דעלע פון עטליכע חדשים און זי האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ זעהר גליק־ליכע. אַ שאָד נאַר, וואָס איהר מאַן פעהלט אויס אָפט אַרבייט איבער'ן קריזיס אין דער בוי־אונטערנעמונג. ראָסאַלינדאַ האָט איהר געשטעלט טויזענטער פראַגעס וועגען דאַניעל'ן און אין שייכות מיט איהם. אי־סאַורא האָט גערעדט וועגען איהם מיט אַכטונג און זאָגאַר מיט התלהבות. זי האָט פאַרזיכערט ,אַז ער איז אַ זעהר אינטעליגענטער מענש, וואָס ווייסט אַ סך, קען אַ סך און אויף די פאַרזאַמלונגען פון די אַרבייטער פון מוליער־פאַך, האַלט ער זעהר שעהנע רעדעס. בעת אַ שטרייק, האָט איהם אַ פּאָליציייאישע שווערד פאַרוואונדעט און ער איז צוויי חדשים אָפּגעלעגען צו בעט. ער איז געווען עקזאַלטירט און די פּאָליציי־באַהער־דען האָבען געהאַלטען אויף איהם אַן אויג. איצט איז ער אַרבייטסלאָז.

— און האָט ער נישט, צומאָלס, אַ כלה, אָדער אַ געליבטע?

— ניין, איך דענק, אַז נישט. — האָט איסאַורא געענטפערט.

און גלעטענדיג, לאַסטשענדיג איהר פריינדין פאַר דער האַנט, האָט זי צוגעגעבען:

— און ווען אַפילו יאָ, וועט ער צוליב דיר איבערלאָזען יענע.

ראָסאַלינדאַ האָט זיך איינגעהערט אין די דאָזיגע איינצעלהייטען, מיט אַלע איהרע חושים; זי האָט געשלונגען, ממש, יעדען וואָרט אי־סאַורא'ס. ווען נישט ווען, ווי אַן אָפּקלאַנג פון דעם, ווי זי האָט זיך איינגעהערט צו איסאַורא'ס רייד, האָט זי נאָכגעזאָגט איהר, איבער'־חזרענדיג די שלוסען פון איהרע פראַזעס.

איסאַורא האָט מיט פרייד צוגעזעהן די פאַרענדערונג, וואָס קומט פאָר אין איהר פריינדין. ראָסאַלינדאַ איז איצט צוריק געוואָרען אַ מענש־ליך וועזען, צוריק געוואָרען אַ פרוי, נישט אַ טאַמעוואַטע באַשעפעניש, ווי זי האָט זי געטראָפען מיט אַ טאָג פריהער.

---

עטוואָס פריהער, פאַר'ן אָנקומען פונ'ם אָוועגט, זענען זיי ביידע אַרויס פון שטוב און אַוועק קיין באָקאָ. איסאַורא האָט געוואָלט וואַר־

טען אויף איהר מאַן ביי זיין אָנקומען צוריק פון׳ם אויספלוג. ראָסאַ־לינדאַ האָט זיך געדאַרפט טרעפען מיט דאַניעל פּאַרטי׳ן און דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהר געגעבען אַן אויבערגעוועהנליכע אויפגעלעבט־קייט. אַ גרויסע פרייד. און זי האָט געפיהלט אינערליך אַ מין דרינגענד־ליבע נויטווענדיגקייט צו רעדען, צו פּלאַפּלען, צו לאַכען.

זיי זענען אָנגעקומען צו פריה צום טייך און האָבען דערווייל אומ־שפּאַצירט צווישען די ווענט פון דעם האַפען, קוקענדיג אויף די שיפען. אַלץ איז געווען שטיל און רוהיג. אַ רוהיג האַרמאָנישע שטימונג פון זונטאָג טאָג אין האַפען האָט פאַרפולט דעם רוים, די גאַנצע אומגעבונג. פון דער זייט פון דעם לאַ פּלאַטאַ טייך האָט געהאַלטען אין אָנקומען דער אָווענט. ער האָט אָנגעהויבען ווערען טונקעלער דאָרטען, ווייט געגענאיבער, הינטער דער ווייסער אומגעהויערליכקייט פון דעם פּריגאָריפיקאָ, האָט זיך ווי צעעפענט און ווי אָנגעהויבען צו צעגעהן און צערונען ווערען אינ׳ם רוים אַז אומגעהויער ווייסער פייער.

— זעה, דעם הימעל! ס׳אַרא קאָליר! עס זעהט אויס ווי בלוט! — האָט אויסגעשריען איסאַורא.

ראָסאַלינדאַ האָט אויפגעציטערט. דאָס לעבען אין הויז פון סאַטור־נינאָ׳ן, וועלכע איז געווען אַ וואָראָזשקע, געוואָרפען אויף קאָרטען, האָט איינגעוועבט אין איהר געמיט אַ געפיהל פון אבער־גלויבען. און אין איין מינוט האָט זי אינערליך זיך דערמאָנט די בלוטיגע וויזיעס, וואָס זענען געווען אין איהר לעבען: אַז זי איז אַלט געווען זעכ־צעהן יאָהר, האָט דער טשינאָ צושלאָגען איהר דאָס פּנים ביז בלוט, ווען ער האָט איהר פאַרגוואַלטעט; איהר פאָטער, ווען ער האָט גערעדט פון משוגעת, אָהן זין און אָהן טאָלק, האָט שטענדיג גערעדט פון בלוט, בלו־טיגע זאַכען און בלוטיגע וועזענס, פון שלאַכטען, פון צעשטערען מיט שווערדען און מיט מעסערס; דאַן, ווידער בלוט און בלוט, טייכען בלוט אינ׳ם פּריגאָריפיקאָ; שפּעטער יענע שרעקליכע, גרויל־אָנוואַרפענדיגע ליכט פון׳ם „פּאַראַל ראָכאַ״, וואָס האָט פאַרפלעקט מיט אַ בלוט־רויטקייט די גאַס און די הייזער און וואָס איז געווען פאַר איהר דער צייכען פון דעם אָנפאַנג פון דעם אָנגסטליכסטען מאָמענט אין איהר לעבען. און איצט, אַט די דאָזיגע זון, וואָס פאַרגעהט אין בלוט... צי זאָגט איהר די דאָזיגע בלוט־רויטע שקיעה נישט אָן עפּעס אַ נייעם אומגליק, וואָס דער־

## אין אַ פּאַרשטאָדט

נעהענטערט זיך?

דער אָפּקלאַנג פון אַ ווייטען געזאַנג, וואָס האָט זיך דערטראָגען צו זיי, האָט איהר אויפוואַכען געמאַכט פון די שווערע געדאַנקען, וואָס האָבען געפּרעסט איהר געמיט, איהר שטימונג. דער געזאַנג האָט זיך דערטראָגען פון מיטען טייך. דאָס זענען די אַנאַרכיסטען געפאָהרען צוריק פונ'ם אויספלוג אויפ'ן אינזעל מאַסיעל:

Hijo del pueblo, te oprimen cadenas...

ראָסאַלינדאַ'ס נשמה איז באַלויכטען געוואָרען פון האָפנונג. דאַניעל פּאַרטי ברענגט איהר פרייהייט! דער געזאַנג האָט זיך דערנעהענטערט. מען האָט שוין געקענט פאַרשטעהן יעדער פערז באַזונדער. דאָס מאָטאָר־שיפעל איז אַרויס פונ'ם זייטיגען טייכעל און איז שוין געלאָפען איבער'ן ריאַטשועלאָ, אָנגעלאָדען מיט מענשען און מיט געזאַנג.

דאָס מאָטאָר־שיפעל האָט זיך דערנעהענטערט. אין דער שווייגזאַמקייט פון דעם זונטאָג־פאַרנאַכט האָט דאָס געזאַנג זיך פּרעכטיג געטראָגען. איסאַורא האָט אויך מיטגעזונגען מיט התלהבות, באַגריסענדיג דעם מאַן אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען ביידע מענער געווען נעבען זיי. איסאַורא און ראָסאַלינדאַ האָבען געלאַכט, זעהענדיג ווי די מענער זענען אויפגעלעגט, מונטער, פרעהליך, עטוואָס בגילופינדיג פונ'ם ביסעל וויין, וואָס מען האָט פאַרזוכט, בעת'ן אויספלוג.

ביי דאַניעל פּאַרטי האָט די „טשאַמבערגאַ" זיך אַראָפּגערוקט צום נאַקען צו און פון די באַוועגונגען פון די הענט און פונ'ם קאָפּ האָט זיין רויטער שניפּס זיך האַסטיג געטרייסעלט, געוואָרפען הין־און־הער, אָנריהרענדיג מיט זיינע שפּיצען דאַניעל'ס קינבאָרד. ראָסאַלינדאַ, פאַרבליפט פון התלהבות, האָט געקוקט אויף זיינע בלאָנדע וואָנסען, אויף זיינע בלויע אויגען און אויף זיין אונטערגעשווירענער רעוואָלוציאָנערער טשופּרינע.

אַלע פיר זענען זיי געגאַנגען צוריק צופוס. איסאַורא און איהר מאַן זענען געבליבען אַביסעל הינטער זיי. ראָסאַלינדאַ און דאַניעל, אַז זיי זענען געבליבען צוזאַמען, געהענדיג אַליין, האָבען נישט געוואוסט וואָס צו זאָגען זיך, פון וואָס צו רעדען.

דאַניעל האָט נישט געוואוסט גאָרנישט וועגען ראָסאַלינדאַ'ס איצטיגען לעבען, אָבער איהר אָנוועזענהייט דאָ, צוזאַמען מיט איסאַורא'ן,

איז געווען פאר איהם א גענוגענדיגער באווייז, אז דאס מיידעל וויל געהן צו איהם. פארטי האט געדענקט, אז זי וואוינט מיט'ן טשינא, אריינגע־צויגען און מיטגעריסען דורך דער באהערשענדיגער און באפעהלענדיגער קראפט פונ'ם מאלעווא. ער האט אבער נישט געוואוסט פון די נידער־טרעכטיגקייטען און געמיינקייטען, צו וועלכע דער פארברעכער האט איהר פאר'משפט; ער האט נישט געוואוסט די שרעקליכקייט פון איהר לעבען און דעם זומפ, אין וועלכען ער האט איהר איבער געוואלט אריינגעשטוי־סען. מורא האבענדיג צו טרעפען די געפיהלען, אדער גאר באליידיגען זיין אמאליגע כלה, האט דאניעל גערעדט מיט איהר וועגען גאנץ זייטיגע זאכען. ער האט געוואוסט, אז איסאורא זאל איהם פריהער דערצעהלען וועגען אלעס. און דערווייל האט ער אפגערעדט מיט ראסאלינדא'ן, אז זיי זאלען זיך טרעפען דארטען אויף מארגען אין דער זעלבער שעה.

ראסאלינדא האט געגארט אוועקצוגעהן מיט איהם תיכף, נישט אומ־קעהרען זיך מעהר אהיים, כדי נישט צו ווערען נאכאמאל אויסגעשטעלט דער שרעקליכער ווירקונג פון דעם מאלעווא'ס שטארקער ווילענס־קראפט. אבער ווי זאגט מען עס איהם? דאס וואלט איהם אויסגעזעהן מאדנע, דאס וואלט, מעגליך, ארויסגערופען ביי איהם א געפיהל פון פאראכטונג צו איהר. עס וואלט זיך איהם, אפשר, געדאכט, אז זי ווארפט זיך איהם אן מיט געוואלט. ניין, זי וועט ווארטען. זי וועט זיך אויך אננעמען מיט כח; מיט ווילענס־קראפט. און זי האט געשפירט, אז איצט ווערט שוין געבוירען אויך ביי איהר אין נשמה אביסעל ווילען. דער טשינא וועט איהר שוין מעהר נישט באהערשען. ניין! און ווען זי האט זיך געזע־גענט מיט איהם, א באהערשטע פון טרויער, וואס זי דארף זיך אומקעה־רען צוריק אינ'ם צימער, וואו עס דערווארטען איהר, אפשר, די ברוטאלע קלעפ פונ'ם מאלעווא, האבען די אויגען פון דאניעל פארטי'ן איהר צו־געגעבען קוראזש, האפנונג און ווילען.

---

עס איז שוין געווען ביינאכט, שפעטליך, ווען זי איז צוריקגעקומען אינ'ם ארימען צימער, אין איהר היים. א ווייכע, סאמעטענע ליכטיג־קייט פון דער לבנה, האט באזילבערט די איינזאמקייט פונ'ם פארשטאדט און האט מעלאנכאליש באלויכטען די נשמה פון ראסאלינדא'ן. פון די הילצערנע הייזקעס, פון אינעווייניג, האבען זיך דערטראגען שטימעס פון

## אין אַ פאָרשטאָדט

שמועסען, געוויין פון קינדער. וואו נישט וואו האָט זיך צו איהר אויער דערטראָגען דאָס געזאַנג פון אַ געגועזער לידעל; ווייטער אַביסעל, האָט זיך דערטראָגען דער אָפּקלאַנג פונ׳ם שפּילען אויף אַן „אַקאָרדעאָן“. דורך אַ שויב פון אַ פענסטער האָט זי, דורכגעהענדיג, באַמערקט די סילועטען פון אַ יונגען מאַן און פרוי, וואָס קושען זיך... וועט זי אויך אַמאָל, ווען נישט איז, זוכה זיין צו האָבען, כאָטש אַביסעלע פון אַזאַ מין גליק, פון אַזאַ מין היימישער געמיטליכקייט און גליקליכקייט?...

## צוועלפטער קאפיטעל

דער טשינא, קענטיג, פארפאלגט פון דער פאליציי, איז נישט גע־קומען צוריק אין זיין צימער.

צוויי וואָכן נאָכן אַוועקגיין האָט ראָסאַלינדאַ זיך געזעהן מיט פּאַרטי'ן. צום לעצטען מאָל איז זייער באגעגעניש פארגעקומען פארנאכט־צו גענענאי־בער דעם קלויסטער סאן כואן עוואנכעליסטא; און אויסגעקליבען האבען זיי דאס דאזיגע פלאץ דערפאר טאקע, וואס דארטען זענען תמיד פאראן מענגעס מענשען, וואס גייען הין־און־צוריק און, פאלגליך, וועט דער טשינא מורא האבען צו קומען אהינצו, צו באווייזען זיך דארטען.

אז דאניעל איז געוואוירע געוואָרען, נאָכדעם ווי איסאורא האָט איהם דערצעהלט וועגען דאס געשעהענע מיט ראסאלינדא'ן, — און דער־צעהלט האָט זי איהם אויך נישט אלעס, נאר דאס, וואס זי האָט פאר־שטאנען, אז ער דארף און מעג וויסען — האָט ער אנגענומען תיכף אן אנדער שטעלונג צום ענין. ער האָט מיט איהר גערעדט קלאָהרע רייד, אז זי מוז תיכף איבערלאָזען דעם טשינא, אוועק פון איהם. ראסאלינדא האָט איהם געבעטען, אז ער זאָל איהר גלייך נעמען צו זיך, מיט איהם. זי האָט אזוי מורא געהאט, אז עס זאָל ווידער נישט געשעהן מיט איהר, וואס עס האָט זיך פאריגען מאָל געטראפען מיט איהר! פארטי האָט אבער נישט געקענט, גלייך, תיכף, נעמען זי צו זיך. ער האָט איהר אבער צוגעזאגט, אז אין דריי טעג ארום, שבת, וועט ער איהר נעמען צו זיך. און זי וועט שוין פארבלייבען מיט איהם אויף שטענדיג.

ראסאלינדא האָט זיך געבעטען ביי איהם:

— טו עס איצט, שוין, תיכף, דאניעל; ראטעווע מיך! איך וועל זיין דיין דינסט; אויב איך וועל דיר מיט עפעס וואס שטערען, זאלסטו

מיך אַרויסוואַרפען, ווי א הונט, אין גאַס אַרויס... אָבער איצטער ראַ־
טעווע מיך... איך וויל פריי ווערען פון יענעם פאַרדאַרבענעם נפש...

די מורא און דער ענין פון דעם שמועס, וואָס זיי האָבען געהאַט
צווישען זיך, האָט זיי געצוואונגען צו זוכען אַן אַנדער אָרט, וואו עס איז
גראָדע נישטאָ אַזוי פיל מענשען — כדי עמיצער זאָל זיי נישט אונטער־
הערען — און זיי זענען געגאַנגען מיט דער גאַס אַלאַווריאַ, אין דער
ריכטונג פון באַראַקאַס, פאַרזעצענדיג זייער שמועס.

דאַניעל פאַרטי האָט נישט געהאַט קיין מעגליכקייט מיטצונעמען
מיט זיך, גלייך, איצט, לינדאַ'ן. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס ער
האָט געוואוינט מיט אַ פרוי; אמת, ער האָט נאָך מיט אַ וואָך צוריק גע־
האַט אָפּגעמאַכט מיט איהר, אַז זיי צעשיידען זיך, אַז זיי צעגעהן זיך,
אָבער כל זמן די פרוי וועט נישט אוועקגעהן פון הויז, האָט ראָסאַלינדאַ,
נאַטירליך, נישט געקענט קומען אַהינצו. דערפאַר איז געווען אומזיסט,
וואָס דאָס מיידעל האָט געוויינט און איהם געבעטען. דאַניעל האָט איהר
געענטפערט :

— שבת; כ'האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז שבת, וועט עס זיין...
איך וועל זוכען אַ צימערל, וואו מיר זאָלען קענען אַריינציהען זיך און
וואוינען צוזאַמען.

און, כדי אָפּצוּווענדען דעם שמועס, וואָס איז איהם נישט געווען
אַנגענעהם, האָט ער צוגעגעבען :

— ווי גליקליך מיר'ן זיין ! וועסט שוין אַליין זעהן...

ראָסאַלינדאַ האָט זיך געזעגענט מיט איהם, מיט דער דאָזיגער האָפ־
נונג פון גליק. זי האָט איהם, דאַניעל'ן געזאָגט, וואו זי און דער טשינאָ
וואוינען. זיי האָבען אָפּגערעדט, אַז אין פאַל זי וועט זיך שבת נישט
ווייזען, זאָל דאַניעל קומען אַהין זי נעמען. ער וועט זי דאָס מאָל אַרויס־
רייסען פון די נעגעל פונ'ם פאַרברעכער.

אָבער אינ'ם זעלבען מאָמענט, ווען זיי האָבען זיך צעשיידט, האָט
פאַר ראָסאַלינדאַ'ס אויגען דורכגעשוועבט, אַ פינסטערער געשטאַלט; זי
איז פאַרגליווערט געוואָרען און איז געבליבען שטעהן אויפ'ן פּלאַץ, אָהן
ווילען און כח צו צולויפען צו דאַניעל'ן, וועלכער איז יענעם מאָמענט
אַרויף אויף אַ טראַמוואַי. זי איז געבליבען שטעהן; זי האָט געציטערט,
ווי איינער, וואָס עס וואַרפט איהם פּלוצים אַריין אין אַ קעלט : זי איז

געבליבען א פאר'חושטע, מיט שטארע בלאנדזשענדיגע אויגען. וואס איז עס געוועןי? זי האט דערזעהן א סילועט פון א פרוי, וואס איז אוועקגעגאנגען און האט זיך אומגעקעהרט צו איהר מיט דער פלייצע, באמיהענדיג זיך קענטיג, אז מען זאל איהר נישט דערקענען. און די דאזיגע סילועטע איז איהר געוועזן נאך ווי באקאנט: זי האט דערקענט די פיגור פון סאטורנינא'ן. איז איהר ..וועזענהייט דארטען געוועזן א צופעליגקייט? ניין. יענע פרוי ... איהר נאכשפיאנירט; און געוויס האט זי עס געטון אויף דער פארארדנונג פונ'ם מאלעווא...

---

אז ראסאלינדא איז געקומען אהיים, האט זי געטראפען דארטען סאטורנינא'ן, וועלכע האט שוין געווארט אויף איהר.

— כ'ווארט שוין דא, פויגעלע מיינס, איבער א שעה צייט אויף דיר; כ'ווארט און קען זיך נישט דערווארטען, טאכטערשע... וואו האסטו זיך עס ארומגעשלעפט... מיין זוהן ווארט אויף דיר. ער איז דארט ביי מיר אין דער היים. ער, מיין ארימינקער, האט נעבעך געמוזט זיך אויס־באהאלטען, ווייל די „פאלעצעי“ האט געווארפען אויף איהם, נעבעך, אן אויג. און דערפאר האט ער מיך געשיקט צו דיר, טייבעלע, אז איך זאל דיך נעמען אהינצו צו איהם... ער בענקט שוין פשוט נאך דיר, טייערינקע מיינע; ער בענקט אזוי שטארק, אז סאיז א רחמנות צו צוקוקען דעם צער און פאר איינוועגס וויל ער זיך טאקע זעהן מיט די פאר מזומנע גראַ־שען, וואס דו האסט, מסתמא, פארדינט די טעג...

און בעת זי האט אויסגעשאטען, אין איהר אויסשפראך, די דאזיגע ווערטער, האט סאטורנינא געהאלטען די הענט איבערגעלעגט אויפ'ן בויך, מיט'ן אויסזעהן פון איינער, וואס זיצט שוין א לאנגע צייט אויף דעם זעלבען פלאץ און ווארט.

— ניין, ניין. איך האב די גאנצע צייט גארנישט פארדינט. זאגט עס איהם. איך בין קראנק. איך פיהל זיך נישט גוט. איך וויים נישט, וואס מיט מיר געשעהט...

און אזוי ווי דאס מיידעל האט נישט געוואלט מיטגעהן מיט סא־טורנינא'ן אהין, האט יענע קיין אנדער ברירה נישט געהאט, ווי אוועק־צוגעהן אליין.

אום האלבע נאכט, האט ראסאלינדא, שלאפענדיג, דערהערט טריט

## אין אַ פאַרשטאָדט

און אַ געוויש אין צימער. עס איז געווען דער טשינאַ. זינט זי האָט ווידער דערזעהן איהר אַמאָליגען חתן, איז ראָסאַלינדאַ מעהר נישט גע־גאַנגען אין גאַס „ארבייטען“, זוכען צו פאַרדינען געלט פאַר׳ן טשינאַ און פאַר זיך אויף הוצאות. זי האָט אַנטשידענדיג באַשלאָסען נישט צו טון עס מעהר, פאַר קיין פאַל. זי האָט באַשלאָסען ארויסצעוויזען אַ ווידער־שטאַנד אפילו דעם טשינאַ, אַריבערטראַגענדיג די קלעפּ, אויב ער וועט איהר וועלען ווידער אונטערדריקען, פאַרשלאָגען, צעטומלען איהר דורך פייניגען.

עס האָט איהר אָבער נישט געסטייעט קיין כח צו באַזייטיגען דעם טשינאַ פון זיך. דער מאַלעוואַ האָט שוין געוואוסט, וועגען די באַגעגע־נישען פון לינדא׳ן מיט דאַניעל פּאַרטי און ער האָט זיך פאַרגענומען אָפּ־צורעכענען זיך מיט איהר דערפאַר, און דער ערשטער אַקט פון זיין נקמה איז געווען צו זיין מיט איהר נאָכאַמאָל, אויף כח, ווייל ער האָט גע־וואוסט, אַז ער איז איצט דעם מיידעל מעהר דערווידער, עקעלדיג ווי אַלע־מאָל. ראָסאַלינדאַ האָט לכתחילה פּרובירט צו ארויסדרעהן זיך, ניט דערלאָ־זען צו דעם; אין אַ ווייל׳ע אַרום האָט זי זיך אָבער באַטראַכט, אַז עס לוינט פאַר איהר איצט בעסער צו סימולירען, צו פאַרשטעלען זיך, כדי דער טשינאַ זאָל זיך נישט אָנשטויסען וועגען איהרע פּלענער; און זי האָט גע׳פועלט ביי זיך צולאָזען איהם צו זיך; זי האָט גע׳פועלט ביי זיך צו איבערליידען איצט דאָס ערגסטע, ווי איינער, וואָס אַנטשליסט זיך צו טרינקען דעם שמוציגסטען, העסליכסטען געטראַנק. דער טשינאַ, מיט אַ סאַדיסטישער חיה׳שער הנאה, איז געווען מיט איהר; און דערביי האָט ער באַמערקט, אַז זי האָט שוין נישט דעם זעלביגען אַבסאָלוט אונטער־טעניגען אויסזעהן פון אַ דערשלאָגענער באַשעפעניש, וואָס זי האָט גע־האַט תמיד, און נישט זי האָט מעהר דעם זעלבען אויסזעהן פון אַ פאַר־חושטער, טאַמעוואַטער, וואָס זי האָט געהאַט ביז מיט אַפּאָר טעג צוריק.

---

אויף מאָרגען פאַרנאַכט, האָט דער מאַלעוואַ פאַרזאָגט איהר צו געהן אַרבייטען. ער האָט איהר געשיקט אין גאַס אויף „זשירא“, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט : „געגוג צו לאָדערען, צייט אַריינברענגען אַ פּאָר גראַ־שען !“

עס איז נאָך געווען פריה. טרעפען זיך מיט דאַניעל׳ן האָט זי נישט

געקענט ביז זעקס דעם זייגער; ווען ער ענדיגט זיין טאָג־אַרבייט. זי איז אוועקגעגאַנגען, שפּאַצירענדיג הין־און־צוריק איבער אַלמיראַנטע בראַוון, די הויפּט־גאַס פון באָקאַ, מיט דער אַבזיכט צו אָפּנארען דעם טשינאָ אָדער סאַטורנינאָ׳ן, טאָמער, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, און מען שפּירט איהר נאָך. נאָך אַ לאַנגער צייט פון אומבלאָנקען זיך אין יענער גאַס, האָט זי גענומען איינעם פון די טראַמוואַיען, וואָס געהן מיט׳ן ברעג פון פּעדראָ מענדאָסאַ; דעם גאַנצען וועג האָט זי געקוקט אויף די שיפען און אויפ׳ן טייך, גלייך זי וואָלט זיך געזעגענט מיט זיי. זי האָט געטראַכט, אַז דאַניעל וועט איהר אַוועקנעמען ווייט פון דאַנען, אין אַ צווייטען עק שטאָדט. זי האָט געוואָלט פאַרגעסען די פאַרשטעדטלאַך, וואו זי האָט ביז איצט געלעבט און וואָס האָבען איהר דערמאָנט, אויף יעדען טריט, דעם אומגליק און גרויל פון איהר פּיינליכען לעבען.

אין קאָטשאַבאַמבאַ איז זי אַראָפּ פון׳ם טראַמוואַי און האָט גענומען געהן אין דער ריכטונג צו מערב, צו קאָנסטיטוציאָן, אין דער אומגעגענט פון וועלכער דאַניעל האָט געאַרבייט. עס איז, אָבער, געווען נאָך פריה און זי האָט געדאַרפט וואַרטען. אומצעהליגע מאָל איז זי פאַרבייגעגאַנגען נעבען דעם הויז, וואָס האָט זיך געבויט און זי האָט געזעהן דאַניעל׳ן שטעהן, אויף אַ רעשטאָוואַניע אין דער הויך פון׳ם צווייטען שטאָק און אַרבייטען ביים שאַקאַטורען אַן ערשט־אויסגעמויערטע וואַנט. זי האָט געקוקט אויף איהם מיט אָהן שיעור צערטליכקייט און אָהן שיעור מורא... אַ שרעקליכער געדאַנק איז איהר אדורכגעלאָפען אין מוח, ער זאָל חלילה נישט אַראָפּפאַלען פון אַזאַ הויך; און אויס מורא אַנטלויפט זי פון יענעם פּלאַץ; אָבער תיכף קעהרט זי זיך ווידער אום אַהינצו, ווי צוגעצויגען דורך דער דאָזיגער געפאַהר.

ענדליך האָט דאַניעל געענדיגט זיין אַרבייטס־טאָג.

— ווי געפעלט דיר אַזאַ מין זאַך — האָט זי געזאָגט מיט אָהן שיעור צער אין איהר שטימע — דער טשינאָ טרייבט דאָך מיך אין גאַס „אַרבייטען“, געלט, וויל ער, זאָל איך איהם ברענגען.

— איז ער, אַלזאָ, ווידער געקומען...

— יאָ, ער איז צוריקגעקומען — האָט זי איבערגע׳חזרט, אָפּשוויי־גענדיג וועגען דאָס געשעהענע אין פאַריגער נאַכט.

געהענדיג נעבען איהר, האָט דאַניעל אַריינגעלעגט די האַנט אין קע־

## אין א פאַרשטאָדט

שענע און אַרויסגענומען פינף איינציגע פּעזעס. פאַר זיך האָט ער אי־
בערגעלאָזט בלויז געצעהלטע מטבעות פון ניקעל.

— נאַ, לינדאַ, נעם דאָס דאָזיגע געלט. גיב עס איהם און זאָג, אַז
דאָס האָסטו היינט פאַרדינט מיט דער אַרבייט, וואָס ער וויל, אַז דו
זאָלסט טון.

— און דו, דאַניעל, דו בלייבסט דאָך אָהן אַ פּרוטה, אָהן גאָרניט?...

דאַניעל האָט איהר געצוואונגען צו נעמען ביי איהם דאָס געלט. ער
האָט איהר געדראָהעט ברוגז צו ווערען, אויב זי וועט נישט נעמען. ער
וועט נישט דערלויבען, אַז ראָסאַלינדאַ זאָל זיך איצט אָפּגעבען עמיצען
— און ראָסאַלינדאַ האָט זיך באַליידיגט, האָט איהם פאַרגעוואָרפען פאַר־
וואָס ער דערלאָזט אַפילו דעם געדאַנק — נישט עס איז כדאי צו דער־
לאָזען, אַז דער טשינאָ זאָל איהר שלאָגען, פייניגען צוליב עטליכע לומ־
פּיגע פּעזעס, וואָס זי „פאַרדינט" נישט...

— אָבער, פאַרוואָס נעמסטו מיך ליבערשט נישט צו דיר? עס וואָלט
דאָך געווען גלייכער פאַר אונז ביידען.

— שבת, לינדאַ, כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז שבת...

---

אַז ראָסאַלינדאַ איז געקומען אַהיים, איז שוין געווען נאַכט. דער
טשינאָ האָט געוואַרט אויף איהר, שמועסענדיג — „באַלאַקענדיג", ווי זיי
פלעגען זאָגען אין זייער ספּעציעלער אויסשפּראַך — מיט די „מאַראַווי־
כערס", מיט די „טאַיטאַס", וועלכע זענען געווען זיינע חברים און שכנים.
אין דעם זעלבען שמוציגען צימער־לאָך, ווען זיי האָבען געוואוינט אין
דעם „באַריאָ דע לאַס ראַנאַס" (זשאַבעס־גאַס). דער מאַלעוואָ האָט גע־
פאָדערט ביי איהר דאָרט גופא, אין דער אָנוועזענהייט פון זיינע גוטע
ברידער, אַז זי זאָל איהם תיכף אָפּגעבען דאָס געלט, וואָס זי האָט פאַר־
דינט. ראָסאַלינדאַ האָט אַרויסגענומען די פינף פּעזעס און איהם אוועקגע־
געבען.

— דאָס איז גאָר? דאָס אַלעס האָסטו געבראַכט און מעהר נישט?

— האָט דער טשינאָ אַ געשריי געטון, אויפגעבראַכט פאַרוואָס זי האָט
אַזוי ווינציג „געמאַכט" — טויגסט שוין אַפילו פאַר דעם אויך נישט,
טויגסט שוין צו גאָרנישט.

די „טאַיטאַס" האָבען אַ קוק געטון אויף איהר מיט פאַראַכטונג און

דערנאָך האָבען זיי איראָניש געשמייכעלט.

ראָסאַלינדאַ האָט געוואָלט צו ענטפערען דעם טשינאָ: און פאַרוואָס טויג זי נישט צו גאָרנישט? ווייל זי איז געוואָרען מיאוס אויפ'ן געזיכט; זי זעהט אויס פאַרוועלקט, ווייל איהר קערפער איז פול מיט סיניאַקעס און ביילען, סימנים פון זיינע קלעפ און קניפ. אַלץ איז עס איבער איהם. ער איז שולדיג אין אַלץ, ווייל ער פייניגט איהר, ער שלאָגט איהר ווי אַ חיה. דערפאַר ווערט זי מיאוס און די מענער ווילען זי נישט דערפאַר. און וואָס איז זי איצט, איבער איהם אינגאַנצען געוואָרען? ווי זעהט זי אויס, ווי אַ „פאַדלע", אַן אָפּגעפּאָהרענע, אַן אמת'ע „טוררא"; זי געהט געקליידעט ווי די ערגסטע, ווייל ער גיט איהר נישט אויף קליידער, נישט אויף וועש; זי איז שמוציג, פאַרקויטיגט, בלאַטיג, ווייל ער צווינגט איהר צו וואוינען אין אַ צימערל, גרוים ווי אַ לעבעל, קוים זיי קענען זיך דאָרטען ביידע פּאַמיסטיען; נישטאָ קיין אָרט, וואו צו מאַכען זיך אַביסעל לייטישער, אַביסעל פיינער, ריין מאַכען זיך, כדי צו באַקומען אַ מעהר מענשליכען אויסזעהן. איז זי דען שולדיג, וואָס מען וויל איהר נישט נעמען מעהר „אויף צימער", אָט אַזאַ ווי זי איז: אַ מיאוסע, אַ תמיד פאַריאָמערטע, אַ שטענדיג דערשלאָגענע, צעביילטע, ווייל ער פּיי־ניגט זי אָהן רחמנות. איהר לעבען איז איין גרויסער פּיין און טרויער; ווי אַזוי קען מען זיין שעהן און געפעלען מאַנסבילען, ביי אַזאַ מין לעבען?

די מאַראַוויכערס האָבען נישט אויפגעהערט צו שמייכלען, ווי מיט אַ מין שמייכעל פון רחמנות, פון מיטגעפיהל צום טשינאָ, אויף וועלכען זיי האָבען אין יענעם מאָמענט געקוקט, מסתמא, ווי אויף אַן אָרימען טייוועל, ווי אויף אַ טויגעניכץ... אַ נקבה זאָל עפּענען אַזוי אַ פּיסק אויף איהר האר!... נישקשה, מיט זיי וואָלט אַזאַ מעשה נישט געשעהן. פאַר קיין פאַל נישט! אין לעבען נישט! די „מינע" זאָל גאָר האָבען אַ צונג צו רעדען, צו זאָגען דעות, צו מאַכען פאַרוואורפען! נישט דערוואַדטען וואָלטען זיי עס! ביי זיי האלטען די „מינעס" דעם פּיסק פאַרזיגעלט און דעם צונג פאַרשטעקט אין דער גרגרת! קיינמאָל האָט נאָך נישט געטראָפען ביי זיי, אַז אַ „מינע" זאָל אויפהערען פאָלגען, אָדער אָפּ־ענטפערען אָט אַזוי אַ עזות'דיג....

דער טשינאָ האָט געשוויגען. ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז עס ריהרען איהם אָן ראָסאַלינדאַ'ס טענות. נישקשה, אַנדערע גוטע ברוי־

דער זיינע געהן שוין נאָך פוס־טרעט דעם מוליער, נישט אָפּלאָזענדיג איהם פון אויג; זיי קענען איהם, סאטורנינא האָט איהם זיי אָנגעוויזען איינמאָל אין א פאַרנאַכט, ווען ער, דאַניעל איז געשטאַנען און גערעדט מיט לינדאַ'ן; און די נקמה, וואָס ער גרייט צו פון זיינעטוועגען וועט זיין אַזאַ, וואָס מען האָט ביז דאַן קיינמאָל נישט געזעהן נאָך. און טראַכ־טענדיג דאָס דאָזיגע, איז זיך דערווייל דער טשינאָ געזעסען, כלומרשט רוהיג, מיט א סיגאַרעטעל אין ווינקעל פון מויל, ער האָט געקוקט אויף איהר מיט אויסגעקרומטע אויגען, א שווייגזאַמער, אָן אומבאַוועגליכער. און ראָסאַלינדאַ האָט גערעדט, און גערעדט, געשאָטען מיט ווערטער, אַליין זיך נישט איינהערענדיג, נישט איינטראַכטענדיג אין דעם, וואָס זי רעדט, מיינענדיג, אַז זי נאַרט אָפּ דעם טשינאָ, אַז זי „פאַררעדט איהם די צייהן".

און די מאַלעוואָס זענען געזעסען, האָבען געהערט, און צוגעזעהן די סצענע מיט אַן אומאויפהערענדיגען שמייכעל, וואָס איז איצט פול גע־ווען מיט פאַראַכטונג צו זייער גוטען ברודער.

פרייטאַג האָט דער טשינאָ איהר ווידער געצוואונגען געהן אין גאַס, „אַרבייטען". זי אָבער, באַמערקענדיג, אַז א פאַרדעכטיגער פאַרשוין — מסתמא פונ'ם מאַלעוואָ'ס חברים — געהט איהר נאָך פון ווייטענס, האָט זי זיך אומגעקעהרט צוריק אין צימערל.

— איך בין קראַנק, טשינאָ. פאַרצייה מיר. היינט קען איך נישט. מאָרגען וועל איך דיר ברענגען א סך פּעזעלאָך. אָט ס'טו זעהן, ווי גוט כ'וועל מאָרגען אַרבייטען, אויפפיהרען זיך...

קיינמאָל נאָך איז דער טשינאָ נישט געווען אַזוי חיה'ש, אַזוי מער־דערליך צו איהר, ווי אין יענעם מאָמענט. א לאַנגע שעה אָהן אויפהער האָט ער איהר געהאַלטען אין איין שלאָגען.

און אין מיטען פון די קלעפּ, האָט ער איהר א זאָג געטון א פּאָר ווערטער, וואָס זענען געווען פאַר איהר שרעקליכער, וועהטאָגליכער, ווי די ערגסטע קלעפּ:

— נו, זעהסט שוין איצט, וואָס דו האָסט אויסגעפיהרט, האַ?...
או זדאָס אַלעס, „צע־וואו־עס" האָט'ס דיר געטויגט? אָט איצט, ווען דו באַקומסט דאָ, וואָס דו האָסט פאַרדינט, האָט שוין דאָרטען, דער יאָלד דיינער, דאַניעל פּאָרטי „אויסגעצויגען די קאָפּעטעס", אָפּגעזאָגט די עט־ליכע גילדען צוזאַמען מיט זיין כשר'ער יאָלדישער נשמה...

## מאַנועל גאַלוועס

— ניין, ס'איז נישט אמת! טשינאַ, דאַניעל איז נישט טויט! — האָט ראָסאַלינדאַ געזיפצט, געשליוכצט אונטער די קלעפּ פון איהר פּייניגער.

דער מאַלעוואַ האָט איבערגעריסען דאָס שלאָגען, כדי צו איבערצייגען איהר דורך דערצעהלען די פּרטים ווי אזוי מען האָט „אָפּגעראַמט" דאַניעל'ן. ער האָט איהר דערצעהלט, אַז ער האָט איבערגעגעבען צו דורכפיהרען דאָס דאָזיגע שטיקעל אַרבייט „אַ בחור אַ ברען", אַ בחור מיט אַ „שטעכער", אַזעלכען, וואָס קען גוט די מלאכה און ווייסט וואָס ער האָט צו טון. ער האָט אויסגעטראַכט איינצעלהייטען, געהאַקט שקרים מיט דער קאַלטבלוטיגקייט פון אַ דורכגעריבענעם גנב און מערדער. ראָסאַלינדאַ האָט געהערט זיינע רייד, ליידענדיג אומענדליכען ווערטאָג: און וואָס מעהר דער טשינאַ האָט דערצעהלט, אַלץ מעהר האָט זי, לינדאַ, וועלכע האָט אָנגעהויבען זיך איבערצייגען, אַז עס איז אמת, אומגעקעהרט זיך צוריק צום פאַרטונקעלטען באַוואוסטזיין־צושטאַנד, דעם זעלביגען, וואָס אין די פאַרגאַנגענע חדשים.

אָבער איידער זי איז דעפיניטיוו ווידער פאַרזונקען געוואָרען אין דעם דאָזיגען באַוואוסטזיין־צושטאַנד, האָט אויפגעבליצט אין איהר גייסט אַ מאָמענט פון הייטערקייט, פון ליכטיגקייט. זי האָט אַ טראַכט געטון, אַז איהר לעבען איז פאַרענדיגט, און אַ וואָרף טוענדיג זיך דעם מאַלעוואַ צו די פיס, האָט זי גענומען איהם בעטען:

— טויט מיך, טשינאַ, טויט מיך!

דער פאַרברעכער האָט איהר מיט איין שטויס פון פוס אָפּגעוואָרפען אין אַ זייט.

און זי האָט נישט אויפגעהערט צו שליוכצען, פויזענדיג אויף'ן פאָל נאָך איהם, און בעטענדיג איהם:

— דער'הרגע מיך, טשינאַ! טויט מיך!

און נאָך אַ לאַנגער שעה פון שליוכצען, און פון וויינען, איז זי, די אומגליקליכע געבליבען אזוי ליגען אויפ'ן פאָל פונ'ם חדר'ל. דער מאַלעוואַ האָט געקוקט אויף איהר מיט שטומע, פינסטערע אימה'דיגע בליקען. אַז לינדאַ איז אויפגעשטאַנען פון דיל, האָט זי ווידער זיך דערפיהלט אָהן ווילען, כמעט אָהן באַוואוסטזיין, אַ פולשטענדיג באַהערשטע פון זיינע בליקען, פון זיינע ווערטער און אפילו נאָר פון זיין טראַכטען אליין. ווידער אָהן פרייהייט, אָהן אייגען לעבען, אָהן האָפנונג אויף ליבע, אָהן אַ האָפנונג צו ווערען געראַטעוועט.

## דרייצעהנטער קאַפּיטעל

דער דערוואַרטעטער טאָג שבת איז געקומען. מיט דאַניעל׳ן האָט זי אָפּגערעדט, אַז זיי זאָלען זיך טרעפֿען יענעם טאָג פֿינף נאָכמיטאָג, גע־געניבער דעם אַרסענאַל.

ראָסאַלינדאַ איז אַרויס פֿון איהר וואוינונג אַרום פֿיר דעם זייגער. דער טשינאָ, נישט נאָר ער איז נישט געווען געגען דעם, וואָס זי געהט אין גאַס, נאָר ער האָט איהר נאָך רעקאָמענדירט, אַז זי זאָל זיך אָפּגעבען בעסער, מיט מעהר חשק, ביים אויסוועהלען „די קונים“. און בעת זי, אַן אומצופֿרידענע, האָט קוים געוואָגט צו אַוועקגעהן, האָט ער, דער טשי־נאָ, זיך אַריינגעוואָרפֿען אין בעט, אויף דער „קופּע“ — אויף דער „קאַט־רעראַ“, לויט זיין פּאַרבּרעכערישען זשאַרגאָן“ — גלייך ווי ער וואָלט געהאַט בדעה צו איינשלאָפֿען.

דאָס מיידעל איז געגאַנגען אין גאַס אַליין. נישט וויסענדיג וואָס מיט איהר קומט פֿאָר. זי האָט זיך געפֿיהלט ווי דעם טשינאָ׳ס א זאַך, ווי זיינס אַן אייגענטום, אין דער זעלבער צייט אָבער, האָט איהר געפֿיהל פֿון ווייטענס געשפּירט די ליכטיגקייט פֿון איהר פֿרייהייט... אַן אינערליכע שטימע האָט איהר אונטערגעזאָגט, אַז דאַניעל איז נישט טויט. זי האָט געטראַכט, אַז דער מאַלעוואָ האָט, מעגליך, איהר אָפּגענאַרט, אויס רשעות נאָר, כדי צו אויסגעפֿינען ווי ווייט איז איהר ליבע־געפֿיהל צו דאַניעל׳ן. און זי איז אַזאַ גולם און האָט געגלויבט זיינע ליגענס און דערוויל האָט זי געלאָזט אויסגעבען זיך. אָבער, טאָמער איז עס טאַקע אמת, אַז איינער פֿון דעם טשינאָ׳ס גוטע ברידער האָט דער׳הרג׳עט דאַ־ניעל׳ן? דער מאַלעוואָ האָט דאָך איהר דערצעהלט די זאַך מיט אַלע מינדסטע קלייניגקייטען. שוין־זשע האָט ער דאָס אַלעס אויסגעטראַכט? און טראַכטענדיג אַזוי איז זי געגאַנגען, וואָס ווייטער אַלץ שנעלער, און אַ קאַלטער שוויים האָט דורכגענומען איהר לייב.

זי איז געגאַנגען אַזוי, שפּאַנענדיג שנעל איבער די מיזעראַבעלע

גאַסען פון דרום־מערב פון באַראַקאַס: פּוענטעסיטאַ, לימאַי, פּעדריעל, קאַליפאָרניאַ. און מורא האָבענדיג, אַז דער טשינאַ זאָל איהר נישט נאָכ־פאָלגען, האָט זי מעהרערע מאָל זיך אומגעקעהרט און געגאַנגען אויף צוריק דורך אַנדערע גאַסען. אייניגע מאָל, ווי באַהערשט פון אַ פּלוצימ־דיגער מורא, האָט זי געקוקט אויף אַהינטער, אויף צוריקוועגס, פאַרזיכ־טיג אומגעקוקט זיך אין אַלע זייטען און מיט אַמאָל געלאָזט זיך לויפען.

אַן אַנדערש מאָל, אַ צופרידענע, ווען זי האָט געטראַכט פון דאַניעל'ן, האָט זי געשמייכעלט. אין וועלעס סאַרספּיעלד האָט זי גענומען אַ טראַמ־וואַי. איידער זי איז אַרויף, האָט זי געכאַפּט אַ קוק, אינעווענייג, אינ'ם טראַמוואַי־וואַגאָן, כדי צו זעהן, צי פאַהרט נישט דאָרטען דער טשינאַ, אָדער סאַטורנינאַ, אָדער עמיצער אַנדערש פון זיינע לייט. אין טראַמוואַי שוין, האָט זי זיך דערפיהלט פריי פונ'ם טשינאַ, אָבער נישט באַפרייט פון איהר שרעק פאַר דאַניעל'ס לעבען. ווען נישט ווען האָט זי אַרויס־געשטעקט דעם קאָפּ דורכ'ן פענסטערל און געקוקט אויף צוריק, מיט'ן וועג, וואָס דער טראַמוואַי איז דורכגעפאָהרען; זי האָט געוואָלט זעהן, צי פאָהרט איהר עמיצער נישט נאָך אין אַן אויטאָמאָביל. אין אַזאַ צושטאַנד איז זי צוגעפאָהרען ביז'ן אַרסענאַל. פון דעם טראַמוואַי איז זי אַראָפּ אַ ביסעל ווייטער און דאָרטען, אין איינער פון די דערבייאיגע גאַסען, האָט זי געוואַרט אויף איהר געליבטען.

דאַניעל האָט נישט פאַרזאַמט צו קומען. ער איז געזעסען אין אַ אָפענעם קאַטש, פיהרענדיג מיט זיך פעקלאַך.

— שטייג אַרויף, לינדאַ. — האָט ער אַ זאָג געטון, ווענדענדיג זיך צו איהר מיט אַ פרעהליכער שטימע און נישט אַראָפּגעהענדיג אַליין.

ראָסאַלינדאַ האָט געציטערט אינגאַנצען. עס האָט איהר געשטיקט אַ געוויין; און אין דער צעטומעלטקייט, פון איהר נאָהענט גליק, האָט זי מיט אַנשטרענגונג געשמייכעלט. ווען זי האָט זיך געזעצט אין קאַטש נעבען דאַניעל'ן, וועלכער האָט איהר אַנגענומען פאַר אַ האַנט, געגלעט איהר און געקוקט אויף איהר מיט ליבע־לאַסקע, האָט זי שוין נישט גע־קענט מעהר שטיקען אין זיך די טרעהרען און האָט אויסגעבראָכען אין אַ בליפענדיגען געוויין.

דאַניעל האָט איהר אַרומגענומען, מורמלענדיג:

— אָרימע מיינע, אָרים קינד מיינס!

# אין א פאַרשטאָדט

און ער האָט צוגעגעבן מיט העכסטער ווייכקייט אין קול:

— ווייַן נישט, לינדאַ. ווייַן נישט. איצט, אוצר מיינער, געהן מיר ביידע אויף שטענדיג לעבען צוזאַמען. איך האָב געדונגען א שטיבעל פון צוויי צימערען, געגענאיבער פּאַרקע פּאַטריסיאָס. וועסט זעהן, ס'אַרא צאַצקע א דירה'לע מיר האָבען...

דער קאַטש איז געלאָפען איבער דער גאַס קאַסעראָס, וועלכע איז געווען כמעט פּוסט, לעדיג. די זון האָט אַראָפּגענידערט פון הינטער די בוימער פון'ם פּאַרק. ראָסאַלינדאַ און דאַניעל, האַלטענדיג זיך פאַר די הענט, האָבען זיך געפיהלט גליקליך. זי, אַנטציקט פון גליק, האָט שוין געהאַט פאַרגעסען אין די שרעקען, פון וועלכע זי איז פריהער א ווײַלע געווען באַהערשט. ווען נישט ווען, פלעגט זי, פונדעסטוועגען, בלייבען א פאַרטראַכטע, ווי פאַרטראָגען אין עפּעס און געקוקט ווייט, ווייט פאַר זיך, ווי פאַרזאָרגט איבער עפּעס וואָס.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט איהר דאַניעל א פרעג געטון.

— גאָרנישט. אָבער מיר דאַכט זיך, דאַניעל, אַז דאָס אַלעס איז גאָר א חלום. דו ווייסט, דאַניעל, איך דאַרף זיך אַליין אָפּגעבען חשבון. וואו בין איך עס... איך דאַרף זיך באַטראַכטען. און איך מוז עס טון פּאַוואָליע.

— אָרימינקע, אומגליקליכע! — האָט דאַניעל, זי טרייסטענדיג געקושט.

ווען זיי זענען אַראָפּ פון קאַטש, האָט לינדאַ באַמערקט ווי איינער איז דורכגעגאַנגען פאַרביי זייער וואוינונג און האָט זיך צוגעקוקט צום נומער פון הויז. זי איז איבערפולט געוואָרען מיט שרעק. עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז דעם זעלבען פאַרשוין האָט זי געזעהן אין טראַמוואַי. זי האָט, אָבער, גאָרנישט געזאָגט וועגען דעם פּאַרטי'ן, כדי נישט צו באַאומרוהיגען איהם, טראַכטענדיג, אַז אפשר דאַכט זיך עס איהר.

אין שטיבעל איז געווען אַביסעל מעבעל. דאַניעל האָט איינגעאָרדענט דעם שלאָף-צימער, א ריין איינפאַך צימערל, פון וואַנען מען האָט געקענט זעהן די הויכע גרויסע בוימער פון'ם פּאַרק. דאָרטען האָבען זיי זיך אָוועקגעזעצט. דעם צווייטען צימער האָט דאַניעל געדענקט שפּעטער צו פאַרדינגען עמיצען פון זיינע חברים אָדער פריינט. זיי האָבען זיך אומצעהליגע מאָל אַרומגענומען, טוליענדיג זיך צערטליך איינער צום

צווייטען. די לאַסקעס, וועגען וועלכע זיי האָבען געטרוימט מיט דריי יאָהר צוריק, האָבען אויפגעלעבט, דערוואַכט אין יענעם מאָמענט מיט זייער שעהנער רעאַליטעט. מאָמענטענווייז פלעגט ראָסאַלינדאַ באַפאַלען ווערען פון אַ קומער, פון אַ טרויעריגען געפיהל: זי האָט געטראַכט, אַז זי האָט געקושט פיל מענער, אַז איהרע ליפּען זענען געביסען געוועזען פון'ם טשינאָ. זי האָט אָבער אין די איצטיגע לאַסקעס אריינגעגעבען אַ געפיהל, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט געגעבען קיין אַנדערע און איהר פאַרגעניגען איז געווען אַ נייע און אַ געטליכע זאַך.

עס איז נאַכט געוואָרען. זיי האָבען זיך אָפּגערוקט איינער פון אַנ־דערען, כדי אָנצוצינדען אַ לאָמפּ, דערנאָך זענען זיי אַרויס צום טיר, כדי צו קוקען אויף די בוימער. עס איז געווען אַ וואַרימער פאַרנאַכט. טיף אין גרונט פון'ם פאַרק זענען פאַרבליבען אייניגע רויטליכע פראַנזען אויף דעם הימעל, וואָס האָט געהאַלטען אין ווערען טונקעל.

— געפעלט דיר אונזער דירה? דאָ זענען מיר זיכער און פריי.

ראָסאַלינדאַ האָט געוואָלט איהם ענטפערען עפּעס, אָבער זי איז פּלוצים שטום געבליבען פאַר שרעק: זי האָט באַמערקט, ווי שאָטענס הינטער די בוימער.

— וואָס איז מיט דיר?

— יענע מענשען, אָן דאָרטען... דאַכט זיך, אַז זיי באַהאַלטען זיך...

דאַניעל האָט זיך צעלאַכט. עס איז גאָרנישט. זי מעג זיין רוהיג. איז ער דען נישט לעבען איהר? עס דאַכט זיך איהר נאָר אויס... נאָר נערוועז, און מעהר נישט... און ס'איז קיין חידוש נישט: אַזוי פיל, ווי זי האָט איבערגעליטען פּייניגונג און יסורים... ער וועט איהר נעמען צו אַ דאָקטאָר, זיינעם אַ גוטען פריינט, וועט זי אין אַ קורצער צייט געזונט ווערען. קיינער ווייסט נישט, אַז זיי וואוינען דאָ. און אַז מען זאָל ווי־סען, איז וואָס! פאַר ועמען האָט ער דען מורא!

— פאַרשליס די טיר אויפ'ן שלאָס דאַניעל!

דער יונגערמאַן איז אַוועק זוכען דעם שליסעל. ער האָט איהם ניט געפונען. נישטאָ און שוין. ער וואָלט געקענט שווערען, אַז ער האָט איהם געלאָזט שטעקען אין שלאָס, בעת ער האָט אַראָפּגענומען פון קאָטש די זאַכען. דאָס איז איהם שוין נישט געפעלען געוואָרען. ראָסאַלינדאַ האָט געוואָלט, אַז ער זאָל אונטערשפּאַרען די טיר מיט אַ בענקעל.

## אין א פאַרשטאָדט

זיי זענען אַריין צוריק אין שלאָף־צימער. דאָרטען האָט דאַניעל פאַ־נאַנדערגעוויקעלט א פּעקל, וואו עס זענען געווען אייניגע שפּייזען און א פלאַש וויין.

— מאָרגען וועסטו קאָכען. היינט וועלען מיר פייערען דיין אָנקו־מען — האָט ער געזאָגט צו ראָסאַלינדאַ׳ן, וועלכע האָט געקוקט מיט שרעק אין דער ריכטונג פון דער טיר.

פּלוצים האָט זיך דערהערט א גערויש און זיי זענען ביידע אויפ־געשפּרונגען פון די ערטער. די טיר פון צימער האָט זיך געעפענט. דער טשינאָ איז געשטאַנען אַנטקעגען זיי. ראָסאַלינדאַ האָט אינסטינקטיוו זיך צוגערוקט צו פּאָרטי׳ן, ווי זי וואָלט געזוכט שוץ ביי איהם. אין פּאָרטי׳ס האַנט האָט זיך געטרייסעלט דער מעסער, מיט וועלכען ער האָט געגעסען. אין דער לינקער האַנט ביים מאַלעוואָ האָט געבליצט א קינזשאַל.

דער טשינאָ, א שווייגענדיגער, א גרויליג־אָנגעכמורעטער, מיט די אויגען אומגעהויער ווייס און די ברעמען אָנגעשטעלטע, ווי קלעצער אי־בער די אויגען, האָט געקוקט אויף ראָסאַלינדאַ׳ן, ווי דורכשטעכענדיג זי מיט די בליקען. פּאָרטי האָט ענדליך זיך א וואָרף געטון אויפ׳ן מאַלעוואָ, אָבער א צווייטער האָט א שפּרונג געטון און איהם אַנטוואָפּענט.

— איך בין פאַרלוירען!

דער מאַלעוואָ, נישט אָפּווענדענדיג די אויגען פון ראָסאַלינדאַ׳ן און איבערגעבענדיג איהר זיין קינזשאַל, האָט צו איהר געשעפּטשעט שטיל:

— זאָלסט מיך פאָלגען, זאָג איך דיר, זאָלסט מיך פאָלגען...

ראָסאַלינדאַ האָט אָנגעהויבען ציטערען. זי האָט אויך געקוקט אויף דעם טשינאָ, גלייך איהרע אויגען וואָלטען נישט געקענט זיך אָפּרייסען פון זיינע. מיט׳ן קינזשאַל אין האַנט, א כמעט אידיאָטיזירט געוואָרע־נע, א וויינענדיגע, האָט זי זיך געבעטען ביי דעם מאַלעוואָ:

— זיי איהם מוחל, טשינאָ, זיי איהם מוחל... האָב מיטלייד...

— דו האָסט מיך געטראָפען אָהן געוועהר, אויסוואורף, און דו ווילסט זיך אויסנוצען — האָט דאַניעל געשריען.

— פאַרצייהע איהם, טשינאָ...

— גוט, געה דיר מיט איהם — האָט דער מאַלעוואָ א זאָג געטון, קו־קענדיג אויף זיין חבר און שמייכלענדיג מיט א גרוילהאָפטען שמייכעל — נעם איהם ארום, און געה דיר מיט איהם, געה...

ראָסאַלינדאַ האָט אין יענעם מאָמענט אויסגעזעהן ווי אַן אויפגעשווידערטע פון אַ שרעקליכען אינערליכען קאַמף. איין האַנט האָט זי אומגעפיהרט איבער׳ן פּנים און איבער׳ן שטערען, ווי זי וואָלט וועלען קומען צו זיך, אויפוואַכען. איהרע בליקען, אומגעהויערע, דערשראָקענע, זענען געגאַנגען פון דעם טשינאָ אויף דאַניעל׳ן. דער מאַלעוואָ האָט איהר געשניטען מיט זיינע בליקען, וואָס זענען געווען קאַסע, פאַרקרומטע, שטרענג באַפעהלענדיגע. דאַניעל פּאַרטי האָט בייגעוואוינט די דאָזיגע אומפאַרשטענדליכע סצענע, מיט דער זיכערקייט, אַז דאָ ווערט געשעהן עטוואָס טראַגישעס. ער האָט געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען ראָסאַלינדאַ וועט מיט דעם דאָזיגען קינזשאַל דערשטעכען דעם טשינאָ. אָבער פאַרוואָס האָט דער אויסוואורף איהר געגעבען דעם קינזשאַל? וואָס וואָלט זי זיך? פאַרוואָס קוקט אויף איהר דער מאַלעוואָ מיט אַזאַ באַפעהלענדיגען טיראַנישען בליק?

פּלוצים איז ראָסאַלינדאַ צוגעגאַנגען צו דאַניעל׳ן. ער האָט זיך באַטראַכט ווי אַ געראַטעוועטער. ראָסאַלינדאַ, מיט וואַקלענדיגע טריט פון אַ לונאַטיק, האָט איהם ארומגענומען מיט׳ן אָרעם. דאַניעל האָט איהר אויך אַרומגענומען. ער האָט נישט געזעהן די אויגען פון׳ם טשינאָ בליצענדיגע, באַפעהלענדיגע, וואָס זענען געפאַלען אויף ראָסאַלינדאַ׳ס געזיכט. און פּלוצים האָט ער, דאַניעל, דערפילט אַ שניט, ער האָט דערפילט דעם קינזשאַל אין ברוסט און אַ שטראָם בלוט האָט אַ זעץ געטון.

ער האָט מיט שרעק אַ קוק געטון אויף ראָסאַלינדאַ׳ן און איז געפאַלען אויף דער ערד. זיינע אויגען האָבען זיך אומגעהויער צעצויגען: אַ שנעלער, קורצער גסיסה־ציטער האָט אַ טרייסעל געטון אין אַ זייט פון זיין מויל און ער איז געבליבען פאַרשטאַרצט אין אַ קאַלוזשע בלוט.

— זי האָט מיך פאַרשטאַנען. האָסט געזעהן? — האָט געזאָגט דער מאַלעוואָ צום חבר און ער האָט דערביי ווילד געשמייכעלט.

— ראָסאַלינדאַ, אַז זי האָט דערזעהן דאַניעל פּאַרטי׳ן טויט, האָט אָנגעהויבען, קענטיג, צו דערוואַכען פון איהר שלאָף. די שרעקליכע און ברוטאַלע ווירקליכקייט האָט איהר אומגעקעהרט דעם באַוואוסטזיין פון איהר ווערען. זי, וואָס האָט דעם דאָזיגען מענשען פאַרגעטערט, זי, וואָס האָט געוואָלט דורך איהם פריי ווערען, זי אַליין האָט איהם דערמאָרדעט. אָבער אַ אינערליכע שטימע האָט אינעווייניג אין איהר געשריען, אַז עס

### אין א פאַרשטאָדט

איז נישט זי, נאָר דער טשינאַ, דער אויסוואורף, וועלכער איז געשטאַנען און זיגעריש געשמייכעלט, ער איז געווען דער אמת'ער פאַרברעכער. ראָ־סאַלינדראַ האָט איין מאָמענט געפיהלט, אַז איהר גאַנץ וועזען איז איבער־פולט פון פאַרצווייפלונג און זי האָט זיך געפיהלט אין כח אַ געשריי טון צום מאַלעוואַ, ווארפען איהם אין פּנים דאָס דאָזיגע וואָרט „מערדער!“ וואָס האָט געהאַלטען אין אַרויפשטייגען איהר צו די ליפּען.

דאָס וואָרט איז אָבער נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרען. און די פּלו־צימדיגע ליכטיגקייט, וואָס האָט געהאַט אויפגעשטראַהלט אין איהר באַ־וואוסטזיין, איז מיט אַמאָל פאַרלאָשען געוואָרען. און ראָסאַלינדראַ'ס נשמה האָט זיך אומגעקעהרט צוריק צו דער פאַריגער טרויעריגער פינסטערניש.

דער מאַלעוואַ, גרייט צו נעמען איהר צו זיך, האָט איהר אַ שטויס געטון אין דער ריכטונג פון דער טיר, זי זאָל אַרויסגעהן פון צימער. ראָ־סאַלינדראַ, נישט אַ קוק טוענדיג אויף דעם טויטען געליבטען און גלייך זי וואָלט נישט באַנומען, נישט פאַרשטאַנען קיין שום זאַך פון דעם, וואָס דאָ איז געשעהן, איז אַרויס מיט אַ לאַנגזאַמען טראָט.

דער טשינאַ, ווי אין יענעם אָוונט, ווען ער האָט איהר אָוועקגענו־מען פון'ם הויז, וואו זי האָט געוואוינט מיט איהר פאָטער און מיט סאַ־טורנינאַ'ן, האָט איהר לייכט אונטערגעשטויסען, זאָגענדיג:

— געה, מיין לעבען, געה, שפּאַן...

און מיט אַמאָל האָט זיך דער טשינאַ אָפּגעשטעלט. הינטער די בוי־מער האָבען זיך באַוואויזען שנעלע שאָטענס. און אַ פאַרשטעלונג, אַ גע־שטאַלט פון תפיסה איז געווען די איינציגע אומרוהיגקייט אין דער פאַר־גרוילטער, פינסטערער נשמה פון'ם אויסוואורף.

## ענדע

# שפאנישע ווערטער און אויסדריקן

אטאראנטע — א שלעפער, א וואגאבונד.

אקארדעאן — א באזונדערער מין הארמאניק, וואס ווערט באנוצט אין ארגענטינע.

אפוערא — דרויסן. אן אויסגעשריי, וואס באדייטעט ארויסטרייבן.

באילע — א באל, א טאנץ.

באקא — א נאמען פון א פארשטאדט.

באריא — א קווארטאל, א פארשטאדט.

באקאנעס — שיכורים, „וואוילע יונגען" (אינ'ם פארברעכערישן זשארגאן).

בולין — א צימער, א נארע (אין דעם זעלבען זשארגאן).

גרינגא — א גרינער, אן אויסלענדער (צונאמען פון די איטאליענער אין בוענאס איירעס).

גאאוטשא — אן איינגעבוירענער מענש פון די פאמפאס; א רייטער און האלב־נאמאדער; א טיפ, וואס פארשווינדט שוין אין ארגענטינע.

האספיסיא דע לאס מערסעדעס — נאמען פונ'ם משוגעים־הויז אין ב. איירעס.

וויזשילאנט (וויבילאנט) — פאליצמאן.

טאנגא — א ספעציעלער ארגענטינער טאנץ, א ספעציעלער לידער־און־מוזיק זשאנער.

טשאמבערגא — א הוט מיט רונדע ברייטע ראנדען און קיילעכדיגען פלאכן קנייטש.

טשינא־א — צונאמען, וואס מען גיט א האלב־ברוינעם מאן אדער פרוי; אמאל פון חן ווענען, אמאל אלס פאראכטונג. ווערט באנוצט צווישען המון אויך אלס אייגעננאמען. אייגענטליך: כינעזער.

טשינגאנא — דער זעלבער נאמען (פאראכטליך) פאר אן אלטער צעפלאסענער פרוי.

טאיטא — גנב, פארברעכער (אינ'ם גנבה־שען זשארגאן).

טורא — בוימערקע, שליובע.

טשע — א היימישע ווענדונג, אנשטאט דו.

מאלעווא — פארברעכער, אויסוואורף, א פארדארבענער.

מאנדינגא — דער נאמען פונ'ם טייוועל, אין פאלקס־אויסשפראך.

מארעירא — א קלאסישער טיפ אין ארגענטינער גאאוטשא־ליטעראטור.

מינא — „אן אוצר" (אינ'ם זשארגאן פון די פארברעכער), א פרוי, וואס ברענגט אריין א סך פארדינסט איהר „באקאן".

סטשרוסאנטעס — אינ'ם פארברעכערישען זשארגאן: שלעסער־אויפברעכער און מערדער.

ענקארגאדא — באפאלמעכטיגטער, אויפזעהער, הויפט־לאקאטאר אין א גרויסען הויף פון שכנים.

פלאסע — א פלאץ, א „סקוועה", צום שפאצירען, באוואקסען מיט בוימער און בלומען.

פריגאריפיקא — א גרויסע פאבריק פון פלייש־קאנסערוון. בוכשטעבליך: א פארקעלטערער, א פארפרוירענדער.

פוענטע — א בריק, א שער־בריק, א דעק פון א שיף.

קאמפאדרע — לינגער. עס ווערט באנוצט אין זין פון א באריהמער, א זיך־אויסשטעלער, א „וואוילער יונג".

קריאזשא — א קרעאל; אן איינגעבוירענער אין דרום־אמעריקע.

קאנוועגטיזשא — א גרויסער צימערען־הויף פאר פיל שכנים.

קוראנדערא — א רופא'טע, וואס היילט מיט גראזען און אפשפרעכען.

ראנטיפוסא — אן אויסדרוק פון צערטליכקייט אינ'ם זשארגאן פון פארברעכער; א „מויד ווי א בעכער".

רעקרעא — א פארוויילונגס־פלאץ, אין א דארפישער געגענט, א מין קרעטשמע אויף אן אינזעל אדער הינטערן שטאדט.

ריאטשועלא — א טייכעל; דער נאמען פון טייך, נעבען וועלכען עס שטעהט דער פריגאריפיקא; פאלט אריין אין לא פלאטא טייך.